# דער יוד

# DER JUDE

## צייטשריפט פיר אלע יודישע אינטערעסען

ערשיינט יעדע וואך — פערלאג: חברת „אחיאסף“.

Krakau, 26 Juni 1902. — פיערטער יאהרגאנג. — קראקוי, סיון תרס״ב.

נומר 26


## איִנהאלט:

אין ענגלאנד איז צו אבאנירען דעם „יוד" און „די יודישע פאמיליע" אויך אלע אויסגאבען „אחיאסף"
R. Mazin & Co. London 59 Old Montague str. 59 :ביי



פערלאג „אחיאסף".



# דער יוד

2 רובעל
א יאהר

1 רובעל
א האלב יאהר

## צווייטע ביליגע אויסגאבע

שוין דאס פיערטע יאהר זייט „דער יוד" עקזיסטירט. שוין באלד 4 יאהר שטעהט ער אויף דער וואך און ערפילט טריי די ארבייט וואס ער האט אויף זיך גענומען. אין דער צייט פון זיין עקזיסטענץ האט „דער יוד" שוין בעוויעזען וואס ער איז און פאר וועמען ער איז, און דארום האט ער ניט מעהר נויטהיג זיך פון דאס ניי פארצושטעלען און זיך ריהמען.

אמת, מיר ווילען דאמיט נישט זאגען, אז „דער יוד" איז אין גאנצען פריי פון פעהלער: קיין זאך אויף דער וועלט איז בתכלות השלמות, גאר אהן חסרונות. מען ווארפט „דעם יוד", למשל, פאר, אז בשעת ער בעהאנדעלט די אדער יענע ערנסטערע פראגע, לאזט ער זיך נישט גאנץ אראב נידריג צו די פראסטערע קלאסען פון פאלק, נאר ער הויבט זיי אויף צו זיך, און מיר זענען מודה: דאס איז אפשר א פעהלער.

מיר זעהען אבער דאגעגען נישט איין, דאס כדי דעם פעהלער צו פערמיידען, זאל כדאי זיין „דער יוד" זאל זיך ענטזאגען פון צו בעהאנדלען זעהר וויכטיגע ענינים, מעהר נישט דערפאר, וואס זיי זענען לכתחילה נאך אפשר נישט אזוי לייכט פערשטענדליך פאר'ן המון.

אדרבא, מיר מיינען, אז דורכדעם וועט מען ביסליכווייז צוגעוועהנען אויך דעם פראסטען עולם, דעם המון, וועלכער איז, ווי יעדער מוז מודה זיין, ביי אונז דאך נישט אזוי פראסט — לערנען און פערשטעהן וויכטיגערע און ערנסטערע זאכען און ער וועט מיט דער צייט אויפהערען צו זיין פראסט.

עס איז אונז אונליעב זיך אריינלאזען אין וכוחים און בעווייזען, ווי ווייט דער וועג פון דעם „יוד" איז דער ריכטיגסטער, בפרט אז „דער יוד" איז דאך לכל הדעות נישט אומעטום און נישט שטענדיג „צו טיעף", און ווי ווייט מעגליך, בעמיהט ער זיך דאך תמיד אויך אין העכערע ענינים צו זיין פאפולער און לייכט צום פערשטעהן, נאר מיר ווילען זאגען, דאס מיר זענען פעסט איבערציינט אז „דער יוד" מוז ווייטער געהן דעם זעלבען וועג, נישט זיך צו נידריג ארונטערלאזען צום פראסטען עולם, נאר אומגעקעהרט ביסליכווייז ארויפהויבען דעם המון צו זיך. נאר מיט אזא וועג, רעכנען מיר, קאן מען דאס פאלק בילדען און פון קינדער מאכען מענשען.

מיר קענען אבער אויך נישט זאגען, דאס מיר זענען איבערצייגט, אז יענע פאלקספערזארגער, וועלכע נעהמען אונזער המון אזוי שטארק אין שוטץ, האבען אין גאנצען אונרעכט, בעהויפטענדיג דאס פאר דעם פראסטען עולם, אדער ריכטיגער פאר דעם א ר י מ ע ן עולם איז „דער יוד“ נישט צוגענגליך, זעהר מעגליך! נאר נישט ווייל די ענינים, די פראגען, וואס ווערען אין דעם „יוד“ בעהאנדעלט זענען פאר׳ן ארימאן צו הויך, נאר ווייל דער פרייז איז פאר איהם צו טייער.

פאר׳ן ארימען יודישען בעל-מלאכה, פאר׳ן לאסט-טרעגער אד״ג איז 5 אדער 4 רובעל א יאהר פאר א ציימונג צו בעצאהלען איין עולם ומלואו; רעדט מיט איהם, ווען איהם פעהלט אויף ברויט, אויף וואס פאר א לשון איהר ווילט, איז ער דאך נישט אומשטאנד אויסצוגעבען עטליכע רובעל אויף גייס־טיגע נאהרונג. נישט זיין פראסטקייט נאר זיין ארימקייט ליגט איהם אין וועג!

„דער יוד“, וואס איז נאך זיין אינהאלט דאס וואס ער איז, און וואס ער מוז זיין, וועט אויך ווייטער אזוי בלייבען, „דער יוד“ וועט נישט אויפהערען זיך מעהר און מעהר צו פערפאלקאמען און געבען אלע קלאסען פון אונזער פאלק א געזונדטע און גוטע נאהרונג.

נאר אום יוצא צו זיין אלע דעות, און דער עיקר, כדי צו געבען די מעגליכקייט אויך דעם פראסטען עולם — פאר עטליכע פרוטות צו וויסען וואס עס געשיעהט אין דער יודישער און אין דער אלגעמיינער וועלט, כדי אויך דעם ארימען לעזער צו געבען א בעגריף פון לעבען, לערנען איהם צו טראכטען און צו פערשטעהן, אום ער זאל קענען דערפון נוטצען ציהען אין זיין לעבען אלס מענש און אלס זוהן פון זיין פאלק,

האבען מיר בעשלאסען

**פון 1 יולי און**

ארויסצוגעבען דעם „יוד“ אין א



# צווייטע בילינע אויסגאבע



אזוי אז אויסער „דעם יוד“ וואס ערשיינט ביז היינט, וועט

# יעדע וואך

ערשיינען

# דער יוד

**(צווייטע אויסגאבע)**

וועלכע וועט קאסטען א בילינען פרייז וואס איז נאך ביז יעצט נישט געוועזען

# 2 רובעל א יאהר.



IV. Jahrgang. **DER JUDE.** Nr. 26

דער פרייז פיר רוססלאנד:

| | |
|---|---|
| גאנץ יאהרליך | —.5 רובל. |
| האלב יאהרליך | —.3 „ |
| פיערטעל יאהרליך | 1.50 „ |

מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:

| | |
|---|---|
| ביים אבאנירען | — 2 רובל |
| דען 1טען אפריל | — 2 „ |
| דע 1טען אויגוסט | — 1 „ |

איינצעלנע נומערן 15 קאפ.— 30 העללער.

ענדערן די אדרעס קאסט 20 קאפ

די אדרעסע פיר רוסלאנד:

Издательство „Ахiасафъ“, Варшава.

# דער יוד

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואך.

פערלאג: חברת „אחיאסף“.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:

| | |
|---|---|
| אסטרייך-אונגארן | —.12 קראנען |
| האלביאהריג | —.6 „ |
| פירטעליאהריג | —.3 „ |
| דייטשלאנד | —.10 מארק. |
| ארץ ישראל | —.12 פראנק. |
| אנדערע לענדער | —.15 „ |
| אמעריקא. ענגלאנד | —.10 שילינג |

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט 20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

די אדרעסע פיר עסטר.-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration Der Jude, Krakau, Gertrudy 16.

קראקוי, סיון תרס"ב. נומער 26 Krakau, 26 Juni 1902.

## צו אונזערע געעהרטע אבאנענטען!

מיט דער יעצטיגער נו' 26 ענדיגט זיך דאס אבאנאמענט אויף דעם „יוד“ פיר די וועלכע האבען אויסגעשריבען די צייטונג נור אויף א האלב יאהר פון 1 יאנואר, אדער אויף איין 1/4 יאהר פון 1 אפריל. און מיר בעטען זעהר אזוי גוט זיין גלייך, אונגעזאמט, איינשיקען דאס געלד פיר די וייטערע צייט, כדי מיר זאלען קענען וייטער שיקען די בלעטער כסדר.

אונזערע פאראיאהריגע אבאנענטען אויף דער

### „וועלטגעשיכטע“

זענען מיר מודיע אז

### דער דריטער און פיערטער באנד

זענען שוין פערטיג פון דרוק, און אין קורצען וועלען מיר זיי פונאנדערשיקען אלע אבאנענטען

און מיר בעטען די יעניגע וועלכע האבען אריינגעשיקט אויף דער „וועלטגעשיכטע“ נור 1 רובעל, פיר וועלכע זיי האבען געקריגען די ערשטע 2 בענדער, זיי זאלען גיטינגסט צושיקען דאס איבריגע פיר פארטא, 50 ק"פ.

אונזערע נייע אבאנענטען פון היינטיגעס יאהר, קענען אויך בעקומען

### 4 „בענדער וועלטגעשיכטע“

פיר 1 רו"כ; מיט פארטא 1.50 רו"כ.

אויך בעקומען אונזערע אבאנענטען היינטיגעס יאהר 12 ביכעל פון דעם כאנאטליכען זשורנאל

### „די יודישע פאמיליע“,

וועלכער קאסט 4 רו"כ א יאהר, נור פיר 1 רובעל.

מיט פארטא 1.50 ר'.

---

דאמיט מאכען מיר אויפמערקזאם דעם לעזער אויף דעם פראספעקט וועלכען מיר לעגען ביי צו דיעזער נומר וועגען

### „דער יוד“,

### צווייטע ביליגע אויסגאבע

דער אבאנאמענט-פרייז פון „יוד“:

| | |
|---|---|
| יעהרליך | —.5 רו"כ |
| האלב יעהרליך | —.3 „ |
| פיערטעל-יעהרליך | 1.50 „ |

אדרעסע פיר רוסלאנד:

Изд. Ахiасафъ Варшава.

Verlag „ACHIASAF“ Warschau.

(מינדליך טווארדא נו' 6).

(אבטהיילונג: ווארשא נאלעווקי איוואנאוו'ס באזאר.)

פיר אויסלאנד:

Administration „DER JUDE“ Krakau, Gertrudy 16.

### די אדמיניסטראציאן דער „יוד“.

## פּעראײניגטע חדרים.

אין די לעצטע וואָכען איז אין די יודישע צייטונגען פּערברייטעט געוואָרען די יְדִיעָה אויס ראָסטאָוו איבער די נייע תְּקָנָה, וועלכע וויל אַלע חדרים אונטערברענגען אין איין הויז.

די דאָזיגע ידיעה קלינגט פּיעלען זעהר פרעמד; פּיעל פרעגען וואָס פאַר אַ טובה קען פון אַזאַ תקנה אַרויסקומען, און אויב זי וועט יאַ זיין צו גוטען, איז וויעדער די פראַגע: פאַר וועמען וועט זי די נוטצען ברענגען — פאַר די מְלַמְּדִים אָדער פאַר די תַּלְמִידִים?

די דאָזיגע אַלע פראַגען מוזען פּערענטפערט ווערען, ווייל איך וויל האָפען, אַז איך וועל שוין בעקומען די ערלויבניש פון דער רעגירונג צו עפענען דעם „חֲדֶר־כְּלָלִי“, דאַן וועלען פּיעלע מלמדים פון אַנדערע שטעדט אונז נאָכטהון און אַזאַ תקנה אויך ביי זיך איינפיהרען.

עס איז פאַר קיינעם קיין סוֹד ניט, אַז די חדרים ביז איצט האָבען זיך געפונען נור אין קליינע ענגע דירות פון די מלמדים. די חדרים זענען ביינאַכט שלאָפציממער פאַר די בני בית פון דעם מלמד. די לופט איז דאָרט שטענדיג שלעכט. די קינדער האָבען קיין אָרט ניט וואו זיך אַ קעהר צו טהון, ווען אפילו דער מלמד וויל שוין יאַ געבען די קליינע תלמידים צייט זיך אַביסיל אויסצורוהען, האָבען די קינדער ניט וואוהין ארוסצוגעהן — און אַזוי זיצען זיי איינגעשפּאַרט לְכָל הַפָּחוּת 8 - 10 שעה אַ טאָג.

ווי שלעכט דאָס ווירקט אויף דאָס געזונד פון די תלמידים, פערשטעהט יעדער. דערצו קומט אָבער נאָך, דאָס מען קען רוהיג ניט לערנען, ווען אין איין חדר זיצען די תלמידים צוזאַמען מיט די אייגענע קינדער פון דעם מלמד און מיט דער פרוי, דאַ טראָגט זיך אַריין אַ טשאַד פון דער קיך, דאַ הערט מען אַ געשריי אַ ליאַרעם פון די קליינע קינדערליך, נאָר אָפט ווערט דער מלמד געשטערט פון לערנען דורך זיין אייגענע פרוי וועלכע קומט אָפט אַריין אין חדר דורכשמועסען זיך מיט איהר מאַן. וויפּיעל מאָל מאַכען זיך אַזוינע מיני שמועסען צווישען מאַן און ווייב, דאָס הייסט צווישען דעם רבי'ן און דער רבצין, וועלכע עס וואָלט טויזענד מאָל בעסער געווען, אַז די קינדער זאָלען זיי ניט הערען...

היינט ווער רעדט נאָך, אַז עס ווערט אַמאָל קראַנק די ווייב אָדער אַ קינד פון דעם מלמד, דאַמאָלסט איז דאָך באמת אַ סכנה צו שיקען די תלמידים אין חדר, דען ווי לייכט קענען די תלמידים זיך אָנגעהמען פון קראַנקען, ווי דאָס טרעפט טאַקי גאַנץ אָפט אין אונזערע חדרים. געוויס קען מען זיך קיינמאָל ניט אויסהיטען — דאָס פּאַסירט אויך אין אַנדערע אָפענע שולען, אָבער דאַ איז די סכנה טויזענד מאָל גרעסער, ווייל די תלמידים קומען און זיצען אין דער לופט, וואו דער קראַנקער ליגט.

מיר דוכט, אַז דאָס אַליין איז שוין גענוג, דאָס מען זאָל די חדרים אַרויסנעהמען פון די מלמדי'שע וואָהנונגען און איבערטראָגען זיי אין בעזונדערע דירות וואו עס זאָלען נור זיין „חדרים“ און וואו קיינער זאָל ניט וואָהנען.

אָבער עס זענען נאָך פאַרהאַן אַפּאָר טְעָמִים, פאַר וואָס מען מוז די חדרים מאַכען אין איינעם.

## פּעלעטאָן.

### רודיאַרד קיפּלינג.

## דאָס בוך פון דעם ווילדען וואַלד.

(פאָרטזעצונג).

איצט מוזט איהר מיט'ן גראַנק איבערהיפּען צעהן צי פופצעהן יאָהר און אַליין זיך פאָרשטעלען ווי וואונדערליך מאָוגלי'ס לעבען איז געווען צווישען די וועלף. ווייל אויב איך וואָלט געוואָלט אַלץ דערצעהלען, וואָלט איך צו פיעל ביכער געמוזט אָנשרייבען.

ער איז אויפגעוואַקסען מיט די וועלפּליך, און, עס פערשטעהט זיך, אַז בשעת זיינע ברידער, די וועלפּליך, זענען שוין לאַנג געווען אויפגעוואַקסען און זענען געוואָרען וועלף, איז ער אַלץ נאָך געווען קינד.

דער טאַטע וואָלף האָט איהם אָנגעטרויט און דערקלערט אַלע סוֹדוֹת פון וואַלד: ער האָט איהם אויסגעלערנט צו דערקענען יעדעס גערויש אין גראָז, יעדען בלאָז פון הייסען ביינאַכטיגען ווינד, יעדעס געשריי פון דער סאָווע. דאָס געריעדער פון אַ פלעדערמויז, וואָס שיילט אָב די קאָרע פון בוים, יעדען וואָרף פון אַ פיש אין וואַסער. אַז ער האָט צייט געהאַט, האָט ער זיך געלעגט אין דער זון און איז געשלאָפען, אַז ער האָט זיך אויסגעשלאָפען, האָט ער געגעסען און איז וויעדער איינגעשלאָפען; ווען ער האָט געפיהלט, אַז ער איז שמוציג אָדער אַז עס איז זעהר הייס געווען איז ער אַריינגעשפרונגען אין וואַסער; אַז איהם האָט זיך געגלוסט עסען האָניג, (באַלאָאַ האָט איהם דערקלערט, אַז מיט האָניג און ניס קאָן מען יוצא זיין אַנשטאָט פלייש), האָט ער אַרויפגעקלעטערט אויף אַ בוים, אַזוי ווי באַגהירא האָט איהם אויסגעלערנט. זי אַליין האָט זיך צולעגט אויף אַ צווייג און האָט גערופען צו איהם:

— קום אַהער, ברודער!

אין אָנהויב האָט מאָוגלי געקלעטערט אויף די ביימער פּאַמעליך, נאָר מיט דער צייט איז ער צוגעוואָהנט געוואָרען און האָט זיך איבערגעוואָרפען פון איין צווייג צו דעם אַנדערען מיט אַ געשיקטקייט פון דער גראָער מאַלפּע. — ער האָט שטענדיג אַנ'אַנטהייל גענומען אין די אַסיפות אויפ'ן פעלזען, און דאַ איז ער געווען אַ גרויסער בְּרִיָה: די וועלף האָבען שטענדיג אַראָבגעלאָזט די אויגען, אַז מאָוגלי'ס בליק איז אויף זיי געפאַלען. מאָוגלי האָט דערפון געהאַט פערגניגען און ער האָט דוקא זיי געקוקט אין די אויגען אַריין, אַז ער האָט זיך געוואָלט שפּיעלען. טהיילמאָל איז ער אויך צו נוטץ געקומען: מיט זיינע קליינע געשיקטע הענדליך האָט ער אַרויסגענומען שפּליטערס פון זיינע חברים'ס פיס, דען די וועלף ליידען זעהר פון די שטעכענדיגע דערנער און נאָדלען, וואָס קריכען זיי אַריין אין די פעל און אין די פיס.

ביינאַכט פלעגט זיך מאָוגלי אַרויס'גַנְבֿ'נען און דורכגעהענדיג די טייכליך פון די בערג, איז ער צוגעקומען צו פערזייטע פעלדער און האָט בעטראַכט מיט גרויס נייגיריגקייט די פּייערים און די שטובליך; נאָר געטרויט די מענשען האָט ער נישט, ווייל באַגהירא האָט איהם אַמאָל געוויזען אַ פיערקאַנטיג קעסטיל מיט אייזערנע טיהרליך, וואָס איז געווען אַזוי קינסטליך בעהאַלטען אין גראָז, אַז ער איז שיער נישט אַריינגעפאַלען — געזאָגט האָט זי, אַז דאָס איז אַ פאַנג־קעסטיל.

מעהר פאַר אַלעם האָט ער ליעב געהאַט אַריינצילאָזען זיך אין טיעפען, פייכטען וואַלד אַריין צוזאַמען מיט באַגהירא, אויסשלאָפען זיך דאָרט אַ גאַנצען טאָג און ביינאַכט צו בעוואונדערען די פּאַנטערא, וואָס איז געווען הונגעריג און האָט גע'הרג'עט רעכטס און לינקס, — אַלץ וואָס איז איהר געקומען אין וועג אַריין. מאָוגלי איז געווען אַ גוטער תלמיד, האָט נאָכגעטהון באַגהירא, נור איין אויסנאַהם איז געווען פאַר איהם: אַז ער איז נור אויפגעוואַקסען און האָט געהאַט גענוג שֵׂכֶל, האָט איהם באַגהירא אָנגעזאָגט, אַז קיין אָקס זאָל ער קיינמאָל נישט טשעפּען, ווייל זיין לעבען איז אָבגעקויפט געוואָרען פאַר אַ'נ'אָקס.

— דער גאַנצער וואַלד איז פאַר דיר: דו מעגסט הרג'נען, וואָס דו קענסט נור, אָבער צום זכר פון דעם אָקס, דורך וועלכען דו ביזט נצול געוואָרען, טאָרסט דו נישט הרג'נען קיין אָקס און נישט עסען קיין אָקסען־פלייש, פון אַ יונגען צי פון אַ'נ'אַלטען. אַזוי הייסט דאָס וואַלד־געזעטץ.

און מאָוגלי האָט געפאָלגט, וואָס מען האָט איהם אָנגעזאָגט.

די מאַמע־וואָלפ'ין האָט איהם עטליכע מאָל דערמאָנט, אַז שער קאַהן'ן דאַרף מען נישט טרוי'ען, און אַז אַמאָל קען ער נאָך דער־הרג'נען.

די עלטערן פון די תלמידים, וועלכע שרייען אין איין קול, אז מען מוז די חדרים אויסבעסערן און מען מוז אויף זיי מעהר השגחה געבען, דיזעלבע עלטערן פערשטעהען אבער נאך דערווייל ניט, וואס זיי פערלאנגען און וואס זיי האבען צו טהון.

אין די שטעדט למשל, וואו עס זענען שוין פארהאן אגודות און קאמיטעטען, וועלכע געבען אכטונג אויף די חדרים, מוזען די עלטערן ברענגען אנהויב זמן זייערע קינדער צו דעם קאמיטעט, בכדי דער קאמיטעט זאל דעם קינד שיקען אין דעם חדר, וואוהין דאס קינד פאסט.

דער פאטער טהוט עס; ער קומט אין קאמיטעט מיט דעם קינד, אבער גלייך ווי ער קומט, קומט ער מיט איין בקשה, מען זאל זיין קינד נור אבגעבען צו רעם און דעם מלמד, ווייל ערשטענס איז יענער מלמד א קרוב, א גואל, צווייטענס, איז יענער נאך זיין השערה א בעסערער מלמד און דריטענס, ווייל ביי יענעם מלמד לערנט שוין זיין עלטער יונגיל, וויל ער און זיין ווייב, אז דאס יונגערע קינד זאל אויך שוין אהין געהן, כדי זיי זאלען קענען געהןביידע צוזאמען, מען זאל זיי קענען ביידע אין איינעם געבען אנבייסען,ביידען אין איינעם שיקען וואר'מעס א. ד. ג.

דער קאמיטעט, וועלכער נעמט צו די קינדער, גיט דעם פאטער צו פערשטעהן, אז מיט אלע זיינע טעמים קען מען זיך ניט רעכענען, ווייל ערשטענס וויים דאך דער קאמיטעט אליין בעסער וואו דאס קינד פאסט אין חדר. איין בעווייז, ווי דער פאטער איז אונגערעכט אין זיין בקשה זענען דאך זיינע אייגענע ווערטער אליין, אז ביי יענעם מלמד לערנט שוין זיין עלטערעס קינד.

דערצו איז דאך דער קאמיטעט, אז מען זאל קיין כתות ניט צולאזען, און די קינדער זאלען איינגעטהיילט ווערען נאך זייער קענטנים, כדי מען זאל מעהר קענען דערגרייכען אין לערנען. מען גיט דעם פאטער צו פערשטעהן, אז ווען למשל זיין עלטערער זוהן וואלט געלערענט אין דער פיערטער קלאס גימנאזיום — קען ער דאך נישט אהין שיקען לערנען דעם יונגערען זוהן, האטש אפילו זיין פרוי וועט מוזען געבען בעזונדער צוויי פארציעס וואר'מעס. מען רעדט מיט דעם פאטער וויפיעל מען קען. — אבער וויל א יעדער פון די עלטערן פערשטעהן? עס זענען פארהאן אזעלכע עלטערן, וועלכע פרעגען גאנץ פערוואונדערט: וואס הייסט, מיין קינד האב איך קיין רעכט ניט אבצוגעבען וואוהין איך וויל? צאהל איך חלילה קיין רבי־געלד ניט?

ווי אפט טרעפט עס, אז ווען איהר ענטפערט דעם פאטער, דאס זיין קינד מוז נור געהן צו יענעם מלמד וואוהין דער קאמיטעט שיקט איהם, געהט ער מיט כעס אוועק און אייך אויף להכעים וועט ער זיין קינד אבגעבען צו אזא מלמד א קאליקע, וועלכער איז ניט אין דער אגודה און וועלכער איז צופרידען צו לערנען פאר א רובעל א חדש.

אזוינע אונגעבילדעטע עלטערן ברענגען ניט וועניג שאדען די "אגודות", און וואלטען די מלמדים פון די "אגודות" בעקומען זייער בעשטימטעס געהאלט פון קאמיטעט, וואלט זיי דאס גאר ניט אויסגעמאכט,

---

וואלט א יונגער וואלף געהערט דעם אנזאג, וואלט ער איהם אוודאי געדענקט אין יעדער מינוט פון זיין לעבען, נאר מאוגלי האט פערגעסן, ווייל ער איז נאך געווען א קליין יונגיל—האטש אליין וואלט ער זיך אוודאי גערופען וואלף, ווען ער וואלט געקענט רעדען אויף א מענשליך לשון.

שער קאהן האט זיך נאך אלץ געפונען אין דער געגענד. און וואס אגעלא איז אלץ מעהר אלט געווארען, וואס די כחות האבען איהם מעהר פערלאזט, אלץ גרעסער און שטארקער איז געווארען דאס גוטפריינדשאפט צווישען דעם הינקעדיגען טיגער און צווישען די יונגע וועלף פון דער געמיינדע, וואס זענען גאנץ גערן איהם נאכגעלאפען, טראכטענדיג, אז ביי שער קאהן קאן מען אמאל חאפען א ביסען. דערצו וואלט אפילו קיינמאל נישט געקומען, ווען אקעלא וואלט נאך כח געהאט צו פיהרען געהעריג די ממשלה, וואס ער האט געהאט אין זיין האנד. דערצו האט דער טיגער גע'חנפ'ט די יונגע וועלף: ער האט זיך מכלומר'שט געוואונדערט, אז אזעלכע יונגע און איידעלע יעגער זאלען זיין אונטער דער ממשלה פון א'נ'אלטען אונגעלומפערטען וואלף און א מענשען־קינד.

— מען האט מיר דערצעהלט — פלעגט ער אנהויבען מיט זיי צו שמועסען, אז אויף די פערזאמלונגען האט איהר נישט די העזה איהם צו קוקען אין די אויגען אריין. און די יונגע וועלף האבען געשריען, און די האהר האבען זיך אויפ'ן רוקען אראבגעלאזט. באגהירא, וואס האט אומעטום געהאט אויגען און אויערען, האט זיך עפ'ס דערוואוסט וועגען דעם און האט עטליכע מאל בפירוש געווארענט מאוגלי'ן, אז שער קאהן וועט איהם נאך הרג'נען אמאל אין א שענעם פריהמארגען. מאוגלי האט דערויף לאכענדיג געענטפערט:

— די גאנצע געמיינדע איז פאר מיר... איך האב דיך און באלא'ן, און האטש ער איז א פוילער און טויג צו גאר נישט, וועט ער דאך פאר מיר אפאר מאל אויפהויבען זיין שווערען פיס. וואס האב איך ווידער מורא צו האבען?

אמאל אין זעהר א הייסען טאג איז באגהירא'ן געקומען אין קאפ אריין א געדאנק נאך די רכילות, וואס זי האט ערשט געהערט. און זייענדיג אין טיעפען וואלד צוזאמען מיט מאוגלי'ן, וואס איז געלעגען אנגעלעהנט דעם קאפ אויף איהרע ווייכע האהר, האט זי זיך פלוצלינג אנגערופען צו איהם אזוי:

— ברודער, וויפיעל מאל, האב איך דיר שוין אנגעזאגט, אז שער קאהן איז דיין שונא?

— אזוי פיעל מאל, וויפיעל ניס עס איז פארהאן אויף דעם בוים — האט מאוגלי געענטפערט; צעהלען האט ער נישט געקענט. — נו און ווייטער וואס? מיך שלעפערט, באגהירא, שער קאהן איז א ליגנער און א שרייער.

— איצט איז נישט קיין צייט צו שלאפען. באלא ווייסט דאס, איך אויך, די גאנצע געמיינדע ווייסט, אפילו די נארישע סערנעס ווייסען אויך. טאבאקי אליין האט דאך דיר געזאגט.

— א! א!—האט מאוגלי געענטפערט—ערשט נישטלאנג איז טאבאקי צו מיר געקומען מיט א פול מויל געמיינע רייד, ער האט געבילט, אז איך בין א מענשען־קינד, א נאקיטער... האב איך איהם אנגעחאפט פאר'ן וויידעל און האב איהם צוויי מאל געשמיסען איבער דעם פעל, אויסצולערנען איהם אביסיל דרך־ארץ, זאל ער וויסען ווי זיך אויפצופיהרען.

— דאס האסט דו נאריש געטהון, ווייל האטש טאבאקי איז א רכילותטראגער, וואלט ער דאך דיר אויך געקענט אמאל דערצעהלען, וואס ס'וואלט דיר צו נוטץ געקומען. עפען נור די אויגען, שלאף נישט. שער קאהן וועט נישט אונטערשטעהן זיך דיך צו הרג'נען אין וואלד, געדענק אבער, אז אקעלא איז שוין זעהר אלט, אז אין גיכען וועט ער אזוי שוואך ווערען, אז ער וועט קיין צינג נישט קענען דער'הרג'נען, און ער וועט ווערען אוים ראש פון דער געמיינדע. אסך וועלף פון די, וואס האבען דיך צוגענומען אין דער געמיינדע, זענען שוין היינט אלט געווארען, און די יונגע וועלף זאגען—דאס האט זיי שער קאהן איינגערעדט—אז פאר א מענשען־קינד איז נישט דא קיין ארט אין דער געמיינדע. באלד וועסט דו זיין א דערוואקסענער מענש.

— און וואס איז דאס ווידער אזוינס א דערוואקסענער מענש, וואס ער זאל נישט טארען ארומלויפען מיט זיינע ברידער? — האט מאוגלי געפרעגט, — איך בין געבוירען געווארען אין ווילדען וואלד, האב איך אבגעהיט די געזעצען פון וואלד, און אין דער גאנצער געמיינדע געפינט זיך נישט איין־איינציגער וואלף, וואס איך האב איהם נישט געזאלט ארויסנעהמען קיין שפליטער פון פוס. אלע זענען מיינע ברידער.

צי עס זענען דא מעהר אדער ווענינער תלמידים. זייער זאך איז נור לערנען; דערווייל אבער האבען מיר נאך ניט אזוינע קאמיטעטען, וועלכע זאלען צאהלען געהאלט די מלמדים; נאר אזוי ווי דאס געהאלט האבען די מלמדים נאך דער הכנסה פון דער "אגודה", קען דאך טאקי זיין, אז די אגודה וועט זעהן, דאס די עלטערן בעשטעהען אויף דאס זייעריגע, — און גיבען אב זייערע קינדער צו פ־עמדע מלמדים, וועט די אגודה נאכגעבען דעם פערלאנג פון די עלטערן — און אויף אזא אופן איז די גאנצע מיהע פון דעם קאמיטעט און פון דער אגודה פערלארען, ווייל די הויפט־תקוה איז אין די "אנודות", דאס אין יעדער חדר זאל זיין נור איין כתה און ניט מעהר.

נאך איין גרויסען חסרון האבען מיר איצט אין די צווארפענע חדרים: איצט ווען די חדרים זענען צווארפען, מוז אין יעדען חדר לערנען נור איין מלמד. דער מלמד מוז למשל לערנען מיט זיינע תלמידים, ווען זיי זענען שוין עלטער, תנ"ך, יודישע געשיכטע, דקדוק, העברעאיש שרייבען, שענשרייבען, נְגינות הַטְעָמים, עפּיס גמרא א. ד. ג., — אלעס וואס דאס פראגראם פאדערט פון איהם. אבער איז דאך טאקי די שאלה צי די מלמדים קענען דאס אליין אליך אויספילען? מלמדים, וואס וואלטען געקענט לערנען אין אלע פאכען, האבען מיר אין יעדער שטאדט זעהר ווענינ, די איבעריגע מלמדים זענען אפשר אויך נישט שלעכט, אבער זיי קענען נור איין זאך.

מיר ווייסען, אז אין אונזערע יודישע שטעדט געפינען מיר גראד צווישען די מלמדים געוויסע "בעלי תנ"ך", ד. ה. זיי קענען אויך אויסווענינ, אבער דערפאר קענען זיי נישט קיין שטיקיל דקדוק. ווייטער האט מען אזוינע מלמדים, וועלכע קענען גוט א בלאט גמרא, אבער וועלכע זענען נאך ניט אימשטאנד צוויי ווערטער ריכטיג אויפצושרייבען אויף לשון קדש. דאס א גמרא־רבי איז ניט מחויב צו קענען ניט קיין דקדוק און ניט קיין תנ"ך, דאס איז דאך שוין ביי אונז איין אנגענומענע זאך, און פון דעסטוועגען קומט דאך אויס דעם גמרא־רבי'ן לערנען מיט זיינע תלמידים אי תנ"ך, אי דקדוק, אי אביסיל לשון קדש שרייבען, היינט קענט איהר דאך פערשטעהן, וואס מען קען זיך שוין ביי אזא מלמד אויסלערנען.

ווען אבער אלע הדרים וועלען זיך געפינען אין איין הויז, פאלען אלע די דאזיגע שווערקייטען פון זיך אליין אב.

די עלטערן וועלען שוין נישט שרייען: איך וויל מיין קינד נור צו יענעם מלמד שיקען, ווייל די חדרים וועלען שוין נישט האבען בלויז צו איין איינציגען מלמד, נאר אין יעדען הדר וועלען זיך די מלמדים בייטען שעות'ווייז, יעדער מלמד וועט לע־נען אין די חדרים נור דאס, וואס ער קען און וואס ער פערשטעהט.

דהיינו ווען איינער האט אשענע האנדשריפט, וועט ער האבען נור די קינדער צו לערנען שען שרייבען אין אלע הדרים.

---

באנהירא האט זיך אויסגעצויגען און האט צוגעמאכט די אויגען.

— גיטער ברודער — האט זי געזאגט — ריהר נור אן מיין באק. מאווגלי האט אויסגעצויגען זיין קליינע טונקלע האנד, און ביי באגהירא'ס מויל, אויף דעם ארט, וואו די שטארקע מוסקלען זענען בעדעקט מיט פעל, האט ער דערשפירט איין אויסגעקראכען ארט אהן האהר.

— קיינער אין גאנצען וואלד ווייסט נישט. אז איך, באגהירא, האב דעם צייכען... נאר פערשטעהסט דו, איך בין געבוירען געווארען צווישען מענשען, צווישען מענשען איז מיין מאמע געשטארבען, געשטארבען אין נעפענגניש, אין א שטייג אין קעניגליכען פאלאץ פון אודיפאר. דעם וואלד האב איך דעמאלס נאך נישט געקענט. יא, איך בין געבוירען געווארען צווישען מענשען, דעריבער האב איך דיך דעמאלס ביינאכט אויסגעקויפט, ווען דו ביזט געוועזען א נאקיט קינד. נאר אמאל ביי נאכט האב איך דערפיהלט, אז איך בין א פאנטערא, נישט קיין שפיעלצייג פאר מענשען, מיט איין ריס מיט'ן פוס האב איך אויפגעריסען דעם שטייג פון מיין נויט, און בין געווארען פריי. און איבער דעם טאקי, וואס מיר זענען בעקאנט די מענשליכע מנהגים, האט מען פאר מיר אין וואלד נאך מעהר מורא, ווי פאר שער קאהן'ן, נישט אמת?

— יא, — האט מאווגלי געענטפערט — דער גאנצער וואלד האט מורא פאר באגהירא'ן חוץ מאווגלי־פראש.

— א! דו ביזט דאך א מענשען־קינד — האט די פאנטערא גערעדט שרעקליך פערביסען — און אזוי ווי איך בין געקומען צוריק אין מיין וואלד, אזוי וועסט דו אויך סוף כל סוף קומען צוריק צו די מענשען, צו דיינע אמת'ע ברידער... אז מען וועט דיך נור נישט פריהער דער'הרג'נען אויף דער אסיפה.

— פאר וואס? פאר וואס זאל מען דאס וועלען מיך הרג'נען?

— קוק מיר אין די אויגען אריין, — האט באגהירא געזאגט — און מאווגלי האט אנגעשטרענגט זיין בליק אין דער פאנטערא'ס אויגען, אין א האלבע מינוט ארום האט זי אבגעדרעהט דעם קאפ.

— איבער דעם — האט זי געזאגט לעגענדיג איהר פוס אויף די בלעטער — ווייל איך אפילו קאן נישט אריבערטראגען דיין בליק, האטש איך בין געבוירען געווארען צווישען מענשען. איך האב דיך ליעב, ברודער. אנדערע אבער האבען דיך פיינד דערפאר, וואס זיי ליידען פון דיין בליק, ווייל דו ביזט קלוג, ווייל דו קאנסט זיי ארויסנעהמען שפליטערען פון די פים און פון דעם פעל... ווייל דו ביזט א מענש.

— איך האב גאר נישט געוואוסט — האט מאווגלי געענטפערט פערטראכט, צוזאמענציהענדיג די שווארצע ברעמען.

— ווער קוקט דאס אויף די געזעצען פון וואלד? פריהער שלאג, און דערנאך פרעג א שאלה. דיין רוהיגקייט זאגט מיר, אז דו ביזט א מענש. נאר זיי פארזיכטיג. איך בין זיכער, אז ווען דער אלטער אקעלא וועט צום ערשטען מאל זיך נישט קענען קיין עצה געבען מיט זיין רויב — און איהם ווערט וואס אמאל שווערער צו רויבען — וועט די גאנצע געמיינדע ווערען קענען איהם און קעגען דיר, זיי וועלטן צוזאמען רופען א'נ' אסיפה אויפ'ן פעלזען, און דעמאלס... דעמאלס... מאס! — האט זי אויסגערופען, אויפגעהויבען זיך און האט א הויכען שפרונג געגעבען. — אנטלויף גיכער אין טהאל אריין צו די מענשען, חאפ די "רויטע בלומען", וואס זיי האבען. אין די ערגסטע מינוטען וועט עס דיר מעהר העלפען, ווי איך און באלאא און אלע דיינע גוטע פריינד פון וואלד... שאף דיר די רויטע בלומען...

"די רויטע בלומען" האט באגהירא געמיינט דאס פייער; ווייל קיין שום בעשעפעניש אין וואלד האט נישט די העזה אנצורופען עס מיט'ן רעכטען נאמען. דערזעהענדיג עס פאלט אן אויף די חיות א גרויסער פחד, און זיי טראכטען זיך אויס טויזענדער צונעמען פאר דעם פייער, אבי נור דאס ווארט נישט ארויסצורעדען.

— די רויטע בלומען? — האט מאווגלי געזאגט — אט דיזעלבע וואס פינקלען ארויס פון די מענשליכע הייזער, ווען ס'איז פינסטער. איך נעה זיי שוין ברענגען.

— אזוי רעדט א מענשען־קינד — האט די פאנטערא גערעדט מיט שטאלץ — געדענק, אז עס בליהט אין קליינע טעפ. חאפ עס גיכער און בעהאלט אויף א געפאהר.

— גוט — האט מאווגלי געענטפערט — איך געה. נאר צי ביזט דו זיכער, באגהירא דו מיינע — ער האט ארומגענומען מיט די הענד איהר שענעם רוקען, און זיין בליק האט געזונקען אין איהרע טיעפע וועלפ׳ישע

דער, וועלכער פערשטעהט גוט לשון קדש, וועט אין יעדעם חדר לערנען נור לשון קדש. דער בעל תנ"ך וועט ווידער נעבען שעות אין יעדעם חדר נור אויף תנ"ך, און אזוי וועט זיין מיט דעם מלמד, וועלכער וועט לערנען יודישע היסטאריע, און אזוי וועט זיין מיט דעם גמרא-מלמד.

דער הדר כללי וועט צוטיילט ווערען אויף 5 חדרים אדער אויף 6, דאס איז שוין אבהענגיג פון יעדער שטאדט און פון די קינדער. אין דעם "חדר-כללי" וועלען זיין צוטהיילט די הדרים אויף 5 אדער 6 אבטהיילונגען, וואו די תלמידים וועלען אויפגענומען ווערען יעדער נאך זיינע קענטניסען און יעדער אין זיין אבטהיילונג. דאמאלס איז דא די האפנונגען, אז אין 5—6 יאהר קען דאס קינד, וועלכעס לערנט 8 שעה בערך יעדען טאג צווישען איין כתה — פיעל דערגרייכען, נאנץ בעזונדערס ווען אויף יעדער זאך וועט זיין א בעזונדער מלמד, וועלכער איז א מומחה צו זיין פאך.

אין דעם חדר כללי טאר קיינער ניט וואהנען; די חדרים מוזען זיין גרוים און הויך. דערצו מוז נאך זיין א גרויסער קארידאר, וואו די קינדער זאלען ווינטער אין דער פרייער צווישענצייט קענען ארומשפאצירען, און א הויף מוז זיין ביים חדר, וואו זיי זאלען קענען זומער ארויסגעהן. ווען מען וועט שוין האבען א גוטען גרויסען הויף, וועט מען קענען מיט די קינדער אויך מאכען גימנאסטיק, כדי די קינדער א ביסיל קרעפטיגער צו מאכען.

אין שַבָּתִים און יָמִים טוֹבִים קומען צונויף אין דעם "חדר כללי" אלע תלמידים מיט זייערע מלמדים צו דאווענען צוזאמען, און איינער פון די מלמדים זאגט פאר די קינדער פון דער סדרה אדער פון פרק.

הֲנֻכָּה, חֲמִשָּׁה עָשָׂר בִּשְׁבָט, פּוּרִים, ל"ג בעומר, קען מען דארט גאנץ גוט מאכען א יום טוב פאר די קינדער, זיי ווייזען בילדער מיט דער הילף פון צויבער-לאמטערן, זיי דערצעהלען פון יום טוב, און די תלמידים האבען דערביי אי פערגניגען, אי נוטצען צוזאמען.

אין די גרויסע שטעדט, וואו עס זענען דא הונדערטער חדרים, מוז מען מאכען אין יעדעם קוואר־טאל אדער פאר יעדע 10 מלמדים א חדר-כללי.

מיר דוכט זיך, אז אנטקעגען די הדרים כללים קען קיינער גאר נישט איינווענדען, נור דאס, וואס דערצו מוז מען האבען געלד. אבער דאס איז אויך ניט אזוי שרעקליך.

דעם גרעסטען טהייל פון דעם נעלד צו דינגען הייזער, וועלען טאקי די מלמדים אליין נעבען, ווייל איצט קאסט זיי אויך זייער חדר, האטש זיי האלטען איהם אין זייער אייגענער וואהנונג. צוליעב דעם הדר מוזען איצט די מלמדים דינגען דירות פאר זיך אין מיטען שטאדט, וואו זיי מוזען פ ר די דירות פיעל טייערער צאהלען, איידער זיי וואלטען נעדארפט צאהלען פאר דירות אביסיל ווייטער פון מיט'ן שטאדט.

דאס מאכט יעדען מלמד מיט 6 אדער טאקי מיט גאנצע 10 רובעל אויס מעהר אויף יעדען חדש, און ווען יעדער מלמד וועט דאס דא-

אויגען — צי ביזט דו זיכער, אז דאס אלץ איז שער קאהן'ס ארבייט?

— איך שווער ביי'ם צוהאקטען שלאס, דורך וועלכען איך בין פריי נעווארען, איך בין זיכער, ברודער.

— אזוי שווער איך ביי'ם אקס, פאר וועלכען דו האסט מיך אויסגעקויפט, איך וועל בעצאהלען ערענטליך שער קאהן'ן; עס קאן נאך זיין, אז איך וועל איהם בעצאהלען מעהר ווי איך בין איהם שולדיג.

און ער איז געלאפען אין טהאל אריין.

אט וואס א מענש איז, אט וואס א מענש — האט באנהירא גערעדט צו זיך, צולענענדיג זיך אויף דער ערד — עה, שער קאהן! דיין געיעג אויף די קליינע פראש פאר צעהן יאהרען איז נעוועזן דאס געפעהרליכסטע פון אלע געיעגען, וואס דו האסט נור אמאל געהאט.

מאוונלי איז שוין געוועזן ווייט אין וואלד, און דאס בלוט האט איהם געקאכט אין הארצען. ער איז פארביי געלאפען פאר דער וועלפישער הייל, אויף וועלכער עס האבען זיך שוין געלעגט די נאכט-שאטענס; ער האט זיך א ווײַלע אבגעשטעלט, טיעף אבגעטעהמט און האט אריינגעקוקט אינעווייניג. די וועלפליך זענען נישט געוועזן, נור די מוטער. דערהערענדיג דעם פערהאלטענעם אטהעם פון איהר קינד, האט זיך באלד משער געוועז, אז מיט איהר פראש האט זיך עפים געטראפען.

— וואס איז געשעהן, זוהנעניו? — האט זי געפרעגט.

— נארישע רייד דארט פון דער פלעדערמויז וועגען שער קאהן'ן — האט ער געענטפערט — איך געה איצט אויף געיעג צו די בעארבייטעטע פעלדער.

און ער איז טיעפער אריין צווישען די קליינע בלימליך, צוגעהענדיג צו'ם טייכיל, וואס איז געוועזן אין טהאל. פלוצלינג איז ער שטעהן געבליבען, עס האט זיך געטראגען פון דער ווייטען דאס וואיען פון א גאנצער מַחֲנֶה, דאס געשריי פון א חַיָּה סאמבוהר, און די פערביסענע געוואלדען פון די נאסיאנער — דערצו דאס פאלשע אונטערברומען פון יונגע וועלף.

— אקעלא! אקעלא! זאל ער, דער איינזאמער, ווייזען וואס ער קען... ארט פאר דעם ראש פון דער געמיינדע!

דער איינזאמער האט, ווי עס האט זיך געדאכט, געשפרונגען און נישט געטראפען, ווייל מאוונלי האט געהערט דאס קריצען פון זיינע צייהן און א טרויריג שרייען, ווען דער ס א מ ב ה ו ר האט איהם געקאפעט מיט די פאדערשטע פיס. מעהר האט ער נישט געהערט, און איז געלאפען שנעל אלץ ווייטער, און וואס נעהנטער ער איז צוגעקומען צו די בעארבייטעטע פעלדער, וואו די פויערים וואהנען, זענען די געשרייען קלענער און שוואכער געווארען.

— באגהירא האט אמת געזאגט — האט ער געזיפצט, בעהאלטענדיג זיך אונטער א שטוים היי אונטער א פענסטער פון א שטוב — מארגען נעמט מיט אקעלא'ן א'נ עק און מיט מיר!

און ער האט צוגעדרוקט זיין פנים צו דער שויב, קוקענדיג אויפ'ן פייער, וואס האט געברענט אויף דער קיך; ער האט געזעהן דעם פויער'ס ווייב, ווי זי איז אויפגעשטאנען ביי נאכט פון בעט און האט אריינגעווארפען אין פייער אריין אויסגעריסענע צווייגען, און אז עס האט אנגעהויבען צו טאגען, און א קאלטער נעפעל האט זיך אויסגעלעגט אויף די שפיצען פון די בערג, האט א קינד פון דער שטוב גענומען א קארב וואס איז געוועזן אנגעפילט מיט ערד, האט אריינגעלעגט ברענענדיגע קוילען, האט צוגעדעקט מיט א טוך, און האט ארויסגעפיהרט די קיה אויף דער פאשע.

— אט דאס איז אלץ! — האט מאוונלי גערעדט צו זיך — אז א קינד קאן דאס טהון, האב איך דאך אַוודַאי נישט וואס מוֹרא צו האבען.

און ארונטערגעהענדיג אונטער'ן הויז, האט ער זיך געטראפען מיט'ן יונגיל, ער האט איהם ארויסגעכאפט פון די הענד דעם טאפ, און איז גיך אנטלאפען, איידער נאך דאס קינד האט זיך בעטראכט און האט אנגעהויבען צו שרייען.

— זיי זעהען אוי'ס פונקט אזוי ווי איך! — האט מאוונלי גערעדט צו זיך, בלאזענדיג אין טאפ אריין, ווי די אלטע פריהער אין שטוב האט געטהון, — דאס פייער דא וועט שטארבען, אז מען זאל איהם נישט געבען צו עסען.

און אויף דעם רויטען אין טאפ האט ער ארויפגעווארפען עטליכע שטיקער קארע פון א בוים. אין האלבען וועג, אויפ'ן בארג האט ער בעגעגענט באגהיראן, און דער פריהמארגענדיגער טהוי האט געפינקעלט אויף איהר פעל ווי בריליאנטען.

זינע נעלד געבען צו שטייער אויף דעם חדר כללי, איז שוין כמעט דאָס גאַנצע געלד דאָ. טאָמער וועט נאָך עפּיס אויספעהלען, מוזען די ציוניסטען דערפאַר זאָרגען די סומע צונויפצוזאַמלען, ווייל פון די חדרים הייננט אָב די גאַנצע צוקונפט פון אונזערע קינדער.

ווי די צייטונגען זענען מודיע, וויל אויך די חֶבְרָה מַפִּיצֵי הַהַשְׂכָּלָה אין פעטערבורג שטיצען די חדרים און געוויס וועט זי אונז מיט געוויסע סומען ביישטעהן, אום אונזערע נייע תקנה איינצופיהרען.

עס בלייבט אָבער נאָך אַ פראַגע צו בעאַנטוואָרטען: ווי קוקט די רעגירונג דערויף? וועט מען אונז ערלויבען אַזאַ נייע איינפיהרונג?

די דאָזיגע פראַגע קען איך כמעט מיט זיכערהייט מיט „יאָ" בעאַנטוואָרטען, ווייל איך האָב די געלעגענהייט געהאַט צו רעדען וועגען דעם מיט דער שולאינספּעקציאָן פון ראָסטאָוו און פון חארקאוו, וואו עס געפינט זיך די הנהגה פון אַלע שולען אין אונזער לעהר ראַיאָן, און אומעטום האָט מיין פּלאַן געפונען די פריינדליכסטע אויפנאַהמע און אונטערשטיצונג. די ערלויבניש צו עפענען אונזער חדר כללי אין ראָסטאָוו דאַרף שוין אין גיכען אָנקומען. איך וויל האָפען, אַז אויך אין אַנדערע שטעדט וועט מען איינפיהרען אַזוינע פעראייניגטע חדרים, ווייל פון זיי קענען מיר ערוואַרטען פיעל נוטצען פאַר די ערציהונג פון אונזערע קינדער.

ראָסטאָוו אַם דאָן, ד"ר משה אלעזר אייזענשטאַדט.

# פאליטישע איבערזיכט.

דאָס נייע פראַנצויזישע מיניסטעריום אין פּאַרלאַמענט.— זיין פּראָגראַם.— עלזאַס-לאָטרינגען.— די פּוילישע פראַגע אין פּרייסען.

אַ גלענצענדע צייט איז אָנגעקומען פאַר דעם פראַנצויזישען פּאַרלאַמענט. קיין מיניסטעריום האָט נאָך ניט איבערגענומען אין פראַנקרייך מיט אַזאַ זיכערהייט די הנהגה פון דער מלוכה, ווי דאָס איצטיגע מיניסטעריום. אין קיין פּאַרלאַמענט האָט נאָך די רעפּובליק ניט געהאַט אַזאַ גרויסען רוב דעות, ווי זי האָט עס איצט. די אידעען פון פרייהייט און גערעכטיגקייט האָבען שוין לאַנג ניט אַזוי שטאַרק בעוועגט די הערצער פון די פראַנצויזישע דעפּוטאַטען, ווי איצט אין דעם נייעם פּאַרלאַמענט. דער נייער מיניסטער-פּרעזידענט קאָמב איז דער גליקליכער מאַן, וואָס נעמט איבער די טייערע ירושה פון דעם פריהערדיגען מיניסטעריום,— און ער איז אויך ווערט די ירושה, דאָס האָט ער גלייך אַרויסגעוויזען ביי זיין ערשטער רעדע אין פּאַרלאַמענט.

אין זיין פּראָגראַם-רעדע ערקלערט ה. קאָמב, דאָס דאָס לאַנד האָט ביי די לעצטע וויבאָרעס אַרויסגעוויזען איהר הסכם און צופרידענהייט מיט דער פּאָליטיק פון דער רעגירונג. דאָס לאַנד וואַרט פון אונז די ווייטערדיגע דורכפיהרונג פון דער אָנגעהויבענער אַרבייט. מיר וועלען דערום מיט אַלע אונזערע קרעפטען שטאַרקען די רעפּובליק און זיך ראַנגלען מיט דער פיינדשאַפט צו איהר, וואָס הערשט ביי די גלחים און ביי אַ טהייל אָפיצירען. מיר וועלען ניט דערלאָזען, אַז

— אַקעלאַ האָט נישט געטראָפען — האָט זי געזאָגט — די הייניגע נאַכט האָבען זיי איהם געזאָלט הרג'נען, נאָר זיי ווילען מיט דיר אויך אָנ'עק מאַכען, זיי האָבען דיך געזוכט אויף די בערג.

— אין די פעלדער בין איך געווען, איך בין גרייט, וועה! — מאָוגלי האָט איהר דערלאַנגט דעם טאָפּ פייער.

— גוט... איך האָב ערשט געזעהן, ווי די מענשען לעגען דאָ אַריין טרוקענע צווייגען, און ווי עס בליהען ביים ברעג באַלד אַרויס „די רויטע בלומען". האָסט נישט קיין מורא?

— ניין. וואָס האָב איך מורא צו האָבען? יעצט דערמאָן איך מיך... אויב דאָס איז נור נישט קיין חלום געווען... איידער איך בין אַ וואָלף געוואָרען, פלעג איך מיך לעגען נעבען אַזעלכע רויטע בלומען, און עס איז געווען וואַרים און גוט.

מאָוגלי איז אַ גאַנצען טאָג געזעסען אין אַ גרוב, אָבהיטענדיג דעם טאָפּ, און האָט אַלץ צוגעלעגט צווייגען, כדי צו זעהן ווי דער פלאַם שפּרינגט, ער האָט זיך אויסגעזוכט אַ צווייג אַ לאַנגע, וואָס האָט איהם אויסגעזעהן נוטצליך, און אַז ער איז פאַרנאַכט אַריין אין טאַבאַקים הייל, און האָט דערהערט מיט נאָר אַ שאַרפען טאָן, אַז ער דאַרף זיך הייננט שטעלען אויף דעם ראַטה-פעלזען, האָט ער זיך אַזוי צולאַכט, אַז דער שאַקאַל האָט זיך דערשראָקען און איז אַנטלאָפען, און לאַכענדיג איז מאָוגלי אַרויף אויפ'ן פעלזען. אַקעלאַ דער איינזאַמער איז געלעגען נעבען זיין שטיין אויף אַ צייכען, אַז ער איז אויס ראש געוואָרען, און שער קאַהן (קענטיג, האָבען איהם אַלע איצט גע'חנפ'ט) איז זיך געגאַנגען אַרויף אין אַראָב מיט אַ גאַנצער מחנה וועלף, וואָס האָבען געלעבט פון זיינע שְׁיָרַיִם.

באַגהירא האָט זיך אַנידערגעלעגט נעבען דעם קליינעם מאָוגלי וואָס האָט געהאַלטען דעם טאָפּ אויף די קניה. אַז אַלע האָבען זיך שוין געהאַט פערזאַמעלט, האָט שער קאַהן אָנגעהויבען צו רעדען — וואָס ער האָט קיינמאָל די העזה נישט געהאַט, אַז אַקעלאַ האָט געפיהרט דאָס רעדיל.

— ער האָט נישט דאָס רעכט צו רעדען — האָט באַגהירא איינגערוימט מאָוגלי'ן — זאָג איהם. ער איז אַ הונדזוהן. ער וועט זיך דערשרעקען.

— מאָוגלי האָט זיך אַנידערגעשטעלט.

— פריי פאָלק! — האָט ער גערופען — צי איז שער קאַהן אונזער פיהרער? צי זאָל אַ טיגער הערשען איבער די וועלף?

— אַזוי ווי דאָס אָרט פון אונזער פיהרער איז נישט פערנומען, און ווייל מען האָט מיך געבעטען, איך זאָל רעדען... האָט שער קאַהן אָנגעהויבען.

— ווער האָט דיך געבעטען? — האָט מאָוגלי געשריען — צי זענען מיר אַלע שאַקאַלען, אַז מיר זאָלען חנפ'נען דעם גזלן? די פראַגע וועגען איין נייעם ראש געהערט צו דער פערזאַמלונג.

עס האָבען זיך צולענט געשרייען:

— שווייג דאָרט, דו מענשען-קינד!

— לאָזט איהם רעדען, ער האָט אָבגעהיט דאָס געזעץ.

אַם ענדע האָבען די עלטערע וועלף פון דער געמיינדע זיך אָנגערופען:

— לאָזט רעדען דעם „געשטאָרבענעם וואָלף"!

אַ פיהרער, פון דער מינוט אָן, ווי איהם איז נישט געלונגען דאָס געיעג, הייסט „דער געשטאָרבענער וואָלף", כאָטש ער לעבט נאָך, ווייל געוועהנליך געדויערט זיין לעבען נישט לאַנג דערנאָך.

(פאָרטזעצונג קומט).



דער חיל זאל זיך מישען אין פאליטיק. דער חיל דארף נור פאלגען די בעפעהלען, וואס מען ניט איהם פון אויבען. ווייטער וועלען מיר זיך בעגיהען, אז דאס געזעץ, וואס איז אנגענומען געווארען געגען די גלחים, זאל ניט בלייבען בלויז אויפ'ן פאפיער. מיר וועלען אויך זעהן מבטל צו זיין דאס אלטע געזעץ פון יאהר 1850, לויט וועלכען די ערציהונג פון די קינדער איז אבגעגעבען געווארען אין די הענד פון די גלחים. די רעגירונג דארף שטעהן איבער די גלחים, און זיי דארפען זיך האלטען אן א זייט פון די פאליטישע פראגען, אזוי ווי דער חיל.

הערר קאמב זאגט ווייטער צו אין זיין פראגראם וויכטיגע געזעצען בנוגע צום חיל: עס וועט פארגעלעגט ווערען צו פערקלענערען די צייט פון דיענסט אין חיל ביז צו צוויי יאהר, עס וועלען איבערגעאנדערשט ווערען די מיליטערישע געריכטען אין הסכם מיט די היינטיגע פאדערונגען פון גערעכטיגקייט. אויך דער סדר פון די אבצאהלונגען וועט פערענדערט ווערען, כדי צו פערגרינגערן די לאגע פון די ארימע קלאסען. עס וועט פארגעלעגט ווערען איין אבצאהלונג פון הכנסה, ביי וועלכער עס איז מעגליך א גרעסערע גערעכטיגקייט אין דעם איינטהיילען פון די אבצאהלונגען. די אויסלענדישע פאליטיק, האט דער מיניסטער געענדיגט זיין רעדע, וועט בלייבען דיזעלבע: די פריינדשאפט מיט רוסלאנד און דער שלום מיט אלע אנדערע מלוכות.

קאמבס פראגראם איז אויפגענומען געווארען מיט גרויס התלהבות פון דעם רוב דעפוטאטען. דער קרעפטיגער טאן און די זיכערהייט פון נצחון, וועלכע עס האבען זיך געפיהלט אין קאמבס רעדע, האבען ביי די געגנער אבגענומען דעם לשון. די ויכוחים ווענען דעם פראגראם זענען געווען אהן דאס געוועהנליכע פייער. פון די געגנער האט כמעט קיינער ניט גערעדט. אין די ויכוחים האט זיך מעהר געהערט דער פריהליכער קול פון טרומייטען, איידער דאס שיסען און דער ריח פון פולווער, ווי עס איז געוועהנליך אין פראנקרייך ביי פראגראם־ויכוחים. דער סאציאליסט זשארעס איז דער איינציגער געווען, וואס האט געהאלטען א לאנגע רעדע, און זיין רעדע איז פול געווען מיט קאמפלימענטען פאר דאס נייע מיניסטעריום.

נאך די רוהיגע ויכוחים נעמט דאס ווארט דער מיניסטער־פרעזידענט צו ענטפערן אויף איינינע טענות און צו ערקלערען איינינע פונקטען פון זיין פראגראם. ער זאגט, אז דאס מיניסטעריום קען זיך נור בויגען אונטער דעם ווילען פון פאלק, און דאס פאלק האט שארף און קלאר אויסגעדריקט זיין ווילען פאר די פאליטיק פון דעם פריהערדיגען מיניסטעריום. דאס איז די מלחמה געגען די פרעטענזיעס פון די גלחים און געגען די שונאים פון דער רעפובליקאנישער ממשלה. געוויס איז שוין איצט די רעפובליק געזיכערט, אבער ווען אונזערע שונאים הערען נאך ניט אויף זיך צו ראנגלען מיט אונז, קענען מיר מיט זיי ניט לעבען אין שלום. שלום מיט שונאים איז נאריש. דער קריגסמיניסטער אנדרע וועט זיך מיהע געבען אויך ווייטער אויסצוראטען יעדע פאליטיק פון חיל. מיר ווילען א נאציאנאלע ארמעע, ד. ה. איין ארמעע, וואס דיענט דער נאציאן, און ניט קיין נאציאנאליסטישע ארמעע, וואס דיענט א געוויסער געפעהרליכע פארטיי.

דער מיניסטער ענדיגט מיט די דאזיגע ווערטער: איין פאליטיקער, וואס איז דריי יאהר געשטאנען ביים רודער, איז נאך אנאנד בעליידיגט און בעפיינדעט געווארען. די מעהרהייט, וועלכע האט איהם געשטיצט אין זיין פאליטיק, האט מען געזידעלט און געשאלטען. איצט אבער איז געקומען דער טאג פון גערעכטיגקייט. דאס לאנד האט זיך איצט אבגערעכענט מיט די אלע רכילות ניקעס און צבוע'קעס. דאס לאנד האט איצט געגעבען אין פארלאמענט איין מעהרהייט, וועלכע איז שטארקער אין צאהל און מאראליש קרעפטיגער. די דאזיגע מעהרהייט דארף איצט זאגען איהר מיינונג, אויב זי איז מסכים מיט אונזער פראגראם, אויב זי האט צוטרוי צו א נייער מיניסטעריום.

די פראגע וועגען צוטרוי צום מיניסטעריום איז אבגעשטימט געווארען. א גרויסע מעהרהייט פון 309 שטימען געגען 117 האט אויסגעדריקט איהר צופרידענהייט מיט דעם נייעם מיניסטעריום. אזא רוב דעות האט נאך א מיניסטעריום אין פראנקרייך קיין מאל ניט געהאט.

א גרויס אחדות הערשט אויך איצט אין דער דייטשער פאליטיק. ווי בנוגע צו עלזאס־לאטרינגען, אזוי אויך צו דער פוילישער פראגע האט אין דעם ערשטען פונקט דער דייטשער פארלאמענט און אין דעם צווייטען פונקט דאס פרייסישע הערענהויז ערפילט דעם פערלאנג פון דער רעגירונג. די בעזונדערע געזעצען, וואס זענען ביז איצט געווען אין עלזאס־לאטרינגען, זענען אבגעשאפט געווארען, און די ביידע פראנצויזישע לענדער זענען אין גאנצען אויסגעגלייכט געווארען מיט די איבריגע מדינות פון דייטשלאנד. דער פארלאמענט האט דעם פארשלאג פון דער רעגירונג אנגענומען איינשטימיג.

דער נייער שונא, וואס פרייסען האט פאר זיך ענטדעקט אין די פאליאקען, לאזט ניט די דייטשען רוהיג שלאפען. דער דייטשער קייזער האט געהאלטען פאר נויטהיג צו האלטען א רעדע געגען די פאליאקען און אנצוווייזען אויף די סכנה פון דער פוילישער בעוועגונג פאר פרייסען. דער קאנצלער, גראף ביולאוו האט בעריהרט איצט די פוילישע פראגע אין דעם פרייסישען הערענהויז. די ווערטער פון דעם פוילישען מיטגליעד ה. קאסציעלסקי, אז די פאליאקען זענען ניט געגען די רעגירונג, נאר אז זי ווילען בלויז בלייבען פאליאקען און אבהיטען זייער שפראך און זייער אמונה, האבען קיינעם ניט בערוהיגט. דערויף האט גראף ביולאוו געענטפערט, אז די רעגירונג האט ניט ברעה צו רודפ'ן די פאליאקען אדער גאר פערוועהרען זיי זייער פוילישע שפראך און זייער אמונה. די רעגירונג וויל נור אבהיטען די דייטשע פאליטיק און קען ניט דערלאזען ביי זיך אין לאנד איין פאליטישע פוילישע בעוועגונג. ער לעזט פאר א פוילישעס בלאט, אין וועלכען עס ווערט פערלאנגט א בעזונדער פארלאמענט פאר די פוילישע פראווינצען און א בעזונדער פוילישער מיניסטער פאר די פוילישע ענינים. אויף אזוינע פוילישע פערלאנגען, זאגט דער מיניסטער, קען נור זיין איין ענטפער,— וואס ניכער צו בעזעצען די פוילישע פראווינצען מיט דייטשע קאלאניסטען.

דאס הערענהויז האט דעם פארשלאג פון דער רעגירונג אנגענומען. י. ל.

---

## יודישע שטעדט און שטעדטליך.

זייט מיר מוחל, רבותים, — דורך א סבה, וואס ווענדט זיך נישט אן מיר, וועל איך אייך די וואך נישט אויסזאגען די נעמען, נישט פון די שטעדט און נישט פון די מענשען, פון וועלכע איך וועל אייך דערצעהלען... און איהר וועט דערפון קיין היזק נישט האבען, ווארים נישט די מענשען און נישט די שטעדט און אפילו נישט די "מעשיות", וואס מען שרייבט פון די שטעדט, זענען דער עקר; דער עקר איז דער מוסר, וואס מען דארף זיך ארויסנעהמען דערפון...

איהר ווייסט אודאי, אז עס זענען נאך פאראן אסך אלטע מענשען, וואס טויגען שוין נישט אין דער נייער וועלט אריין, און, אז אויסער דעם, זענען פאראנען יונגע, נאר אלט געבוירענע מענשען, וואס פאסען נאך ווייניגער פאר דער נייער וועלט...

אזא אלטער, אדער אלט געבוירענער יונגער מענש, לעבט אייביג אין טעות.

ער מיינט אלץ, אז א מענש דארף בטבע צו זיין "כלו מוקשה" — שטאהל און אייזען, חאטש מויערן דורכצוברעכען!

און א מענש, מיינט ער, מוז זיין "מעור־אחד" — פון איין שטיק א גאנצער מענש; נישט קיין "כל־בו", צוזאמענגעשטעלט פון שטיקליך, וואס רייסען זיך פון איהם אב ביי יעדען צוים, ביי יעדען נאגעל און דארן, ביז ער בלייבט נאקיט, ווי איין אבגעזוינגטע גאנז!

און שטייף דארף זיך א מענש האלטען; גלייך ער װאלט נאך קינדווייז, לכל הפחות צו בר מצוה, איינגעשלונגען א שטעקען, און דער וואקסט אינערוועניג מיט איהם צוזאמען!

און א וועג מוז האבען א מענש א גראדען, איין איינ־איינציגען גראדען וועג פון וויעג ביז'ן קבר אריין; אנגעצייכענט פון אריסטו צי, להבדיל, פון "ראשית חכמה" — אבי גראד, און מען טאר נישט אב־ביינען נישט רעכטס און נישט לינקס... ווייל פאר דעם קריגט אפילו בלעמ'ס אייזעל שמייץ!

אויך מוז א מענש האבען א פעסטע אידעע, אויפ'ן גאנצען לעבען א נשמה־יתרה, נישט גראד אין קוגעל־טאג. די נשמה יתרה — די אידעע מוז זיין דער תוך פין זיין לעבען, פאר איהר דארף ער געהען אין פייער און אין וואסער; פאר איהר דארף ער גרייט זיין — אפילו קרעפליך אוועק צו שטעלען! ווייל אהן איהר זענען קרעפליך קיין קרעפליך נישט, דאס לעבען — קיין לעבען נישט א. ז. וו.

און, אז פון יענער זייט גרעניץ איז צוריקגעקומען א לשון־קדש־שרייבער, א ד"ר אפילו, און האט א געשריי געטהון: להד"ם! איך הער אייך ווי דעם רב! איך בין נישט ערב היינט פאר דעם, וואס איך האב נעכטען געזאגט, איך קען מארגען, אפילו נור אייך להכעיס, זאגען פונקט קאפויער ווי היינט; אידעען זענען קיין "שטאהל־און־אייזען" נישט, קיין "גאסען־שטיינער" נישט; זיי לאזען זיך בייגען, זיי לאזען זיך קנעטען, זיי דארפען זיך אפילו לאזען גיעסען — "אידעען מוזען פליסיג זיין", — איז געווארען א גערויש, א גערידער; איז מען דעם ארימען ד"ר בעפאלען ווי די היישרעקען; האט מען געזומעט ארום איהם און בעביסען ווי די ביהנען; האט מען געריסען פון איהם שטיקער, ווי קליינשטעדטעלדיגע ציגען פון נידרינע, פוילע דעכליך; חאט מען איהם ארומגעלענט מיט עסיג־בייסענדיגע קריטיקען ווי מיט שפאנישע פליגען... און — געזידעלט האט מען איהם, רבונו של עולם! נאך ווי הייסט געזידעלט! עוכר ישראל, משוגעת, איבערמענש, אומרוה, לעדערנער דישעל, ניטשע, דאכט זיך אפילו: פויל־דע קאק...

טאקי "כאחד הריקים" — ווי "אחד הריקים" זידעלט...

און וואס ווייזט זיך אויס?

אז דער ארימער ד"ר האט נישט איבערגעפעקעלט קיין נייעס, אז מען איז אויף איהם אומזיסט און אומנישט אנגעפאלען — אז גאנץ תפוצות ישראל האט שוין לאנג "פליסענדע אידעען", און ממש ווי א וואסער!

פון א גרויסער שטאדט, וואס האט א סך רבנים, אלטע און נייע, שרייבט איינער (וואס חתמ'ט זיך "יעקיל־יאקיל", נאר דאס איז קיין אמת'ער נאמען נישט), אז ער איז געוועזען ביי איינעם פון די נייע רבנים אויף מלוה מלכה...

אנגעקומען איז ער, ווען דער רב האט פאר א גרויסען חסידי'שען עולם גערעדט וועגען ירושלים בפרט און ארץ ישראל בכלל.

און ער האט שטארק געלויבט ירושלים... ע"פ מקרא, ע"פ ש"ס ופוסקים און אפילו על פי קבלה געלויבט!

"ירושלים — האט ער געזאגט — א שפאס ירושלים! יעדער שטויב איז דארט הייליג, די לופט איז קודש־קדשים! און, כידוע ליודעי חן, שטעהט ירושלים פון הינטען פונקט געגען־איבער דעם ירושלים פון אויבען, אויב נישט פון זיבענטען הימעל!

און ירושלים — שטעהט פונקט אונטער'ן "צנור השפע" — פריהער ווערט געבענשט ירושלים וארץ ישראל, און דערנאך ערשט אלע אנדערע מדינות" און — —

"ירושלים שטעהט טאקי אין טבור הארץ, פינקט אין דער אמת'ער מיט פון דער וועלט; ווייל עס איז דער שורש פון דער וועלט! און ווייל יעדע זאך ציהט צו זיין שורש (דאס האט אפילו דער ערל טמא אריסטו געוואוסט), דעריבער פאהרט מען, אויב מען געהער צום אמת'ן שורש, קיין ארץ ישראל שטארבען, און די מתים פון דאנען, וועלען זיך אהינקויקלען גלגול מחילות, לעבענדיג צו ווערען!"

"און דעריבער וועט ארץ ישראל זוכה זיין אויסגעלייזט צו ווערען פון דער קללה פאר אדם וחוה'ס חטא!... ברויט און קליידער וועלען וואקסען אומגעפלאנצט, אומגעזייעט; בשעת ווען אין שאר־ארצות וועט מען אייביג דארפען די פויערען מיט די גראבע מאכלים און גראבע קליידער צו דער גראבער ארבייט!..."

"און דעמאלט אז משיח וועט קומען, און די קללה וועט אראב פון ארץ ישראל, וועט אויך אראב די טומאה פון כל ישראל! און כל ישראל וועט עסען תרומה (פון וואניט?) און כל ישראל וועט זוכה זיין צו קדשים... און אלע, אפילו נשים און תינוקות וועלען שטעהען ארום מזבח, זוכה זיין צו זעהען עין בעין די כרובים! און אפילו דאס קדשי־קדשים וועט זיין אפען פאר כל ישראל...

און דעם יצר הרע וועט מען דעמאלט אויסרייסען דאס צווייטע אויג און א בלינדען וועט מען איהם פערטרייבען אין שאר־ארצות אריין...

"און די תורה הקדושה וועט צוריק זיין דער קאדעקס פאר כל ישראל... און די רבנים וועלען זיין די שופטים..."

און נאך, און נאך... — ער האט זעהר היים גערערט, נאר די היץ אין שטוב איז גרעסער געוועזען, און ער (יעקיל־יאקיל) איז אנטלאפען און האט איבערגעלאזט דעם דרשן מיט'ן גרויסען עולם אין איין שוויים, אין סאמע ראדנע פייער...

— דאס הייסט חבת ציון, — האט יאקיל־יעקיל געטראכט!

אין אפאר טעג ארום האט ער זיך אבער נאך אמאל געטראפען מיט'ן אייגענעם רב! נאר שוין אין איין אנדערער חברה. א געוויסער גביר האט אויפגעמויערט א נייע שוהל און געמאכט א חנוכת הבית. דער אייגענער רב האט גע'דרש'ענט, נאר פאר איין אנדערן עולם, נישט פאר חסידים! ארום דער בימה זענען געשטאנען "קאפעליושען" אפילו ציליג־דער, אפילו ווייסע שטרויענע היטען, — ווארשויער נגידים, ווארשויער מיוחסים — שטאדט לייט — דאזוערען!

און עס איז אויך א גרויסע היץ געוועזען, נאר דער רב האט גאנץ אנדערש גע'דרש'ענט. אבגעשטעלט האט ער זיך אויף "מה טובו",

אייגענטליך אויפ'ן "מה" אליין; א שעה האט ער גערעדט "מה"־לשון און האט אויסגעוויזען מיט ראיות ברורות, טאקי מיט מופתים חותכים — אז ער קען אזוי פיעל דקדוק, וויפיעל א ווארשויער תלמוד־תורה יונגיל ענגליש, און פלוצים, כמעט פון דער העלער הויט איז ער אריבער צו א גמרא: עתידה ארץ ישראל שתתפשט בכל הארצות – ארץ ישראל — טייטשט ער אויס אויף יודיש — וועט זיין אומעטום, אויף דער גאנצער וועלט, אין קרוין־פוילען אוודאי!...

אויב יעקיל־יאקיל שרייבט אמת, צי הייסט עס נישט פליסיגע אידעען?

און נאך מעהר קונץ — פון איין גמרא ארויס!

אז איהר וועט אין ווארשוי למשל, ארויסגעהען אין גאס אריין און פרעגען: אויף וואס בעשטעהט דאס יודישקייט? וועט מען אייך פערשיעדען ענפערן, און לויט דער תשובה, וואס מען וועט אייך געבען, וועט איהר וויסען גענוי, ווער דער מענש, וואס ענפערט אייך, איז. וועט עמיץ שווייגען – איז עס גלאט א ווארשאווער... אבער טאמיר ענפערט מען אייך, אז דאס יודישקייט שטעהט אויף "עברית־בעברית", זייט וויסען, אז דאס איז א רעדאקטאר פון א לשון־קודש'ע צייטונג, אדער א לעהרער פון א חדר מתוקן!

טאמיר ענטפערט מען אייך: אויף מציצה! וועט איהר אליין טרעפען, אז דאס איז א ספעציאליסט א מוהל...

וועט איהר טרעפען אויף איינעם פון די 15 צו 20 ווארשויער מקוה־האלטער, בין איך אייך ערב, אז די תשובה וועט זיין: אויף נעגעל שניידען!

הלל הזקן, וואס האט געשטעלט דאס יודישקייט אויף "ואהבת לרעך כמוך" — איז שוין לאנג, מיט אלע תנאים ואמוראים, אויפ'ן עולם אמת...

און טאמיר טרעפט איהר אויף א ווארשויער פרומען דיק־בייכינען גביר און א גערער־חסיד, וועט ער אייך, מיט א רינענדיג מויל און א הייזעריג קול פאר תאוה, ענפערן: אויף כשר־פלייש, אויף איין אמת כשר שטיקיל פלייש!

און אזוי וועלען אייך ענפערן אלע פרומע, דיק־בייכיגע חסידי'יש־גביר'ישע בעלי־בתים פון אלע שטעדט און שטעדטליך, וואו די קצבים ווערען דעריבער געיאגט און געפלאגט און טראגען דעם שווערען עול פון רבנים, דיינים, שוחטים און אלערליי משגיחים אזוי לאנג, ביז זיי ווארפען איהם אראב פון זיך אויף ארימע לייט... נגידים עסען היהנער און אינדיקים!

און פון דעסטוועגען שרייבט מען פון א יודישע שטאדט אזא מעשה:

ביי אונז — שרייבט מען — איז פארהאן א יוד א שוחט (דעם נאמען, ווי געזאגט, היפער איך איבער)... מילא, א שוחט איז מן־הסתם א יוד — א למדן, מן־הסתם א פרומער יוד, א ירא שמים מיט א זיכערער היפאטעק אויף אלע ש"י עולמות, א קלייניגקייט א שוחט!

און אויף דער וועלט פעהלט איהם אויך נישט! ער איז פונקט א "צדיק וטוב לו"! און מיינט נישט חלילה, אז עס שפייזען איהם קראהען, אז מען ווארפט אראב פון הימעל, אדער ער ארבייט על פי קבלה מעשית; חס ושלום! ער טהוט טאקי די האנד אין קאלט וואסער אריין! אויף קעסיל און כלים ארבייט ער:

ערשטענס, איז ער דאך א שוחט; און א טאפעלטער שוחט; מיט'ן חלף און מיט דער צונג, וואס זאל שארפער זיין ווי א חלף! די צונג בענוצט ער אויסער דעם נאך צו שדכנות — אויך נישט קיין שלעכטער צושפרונג צו פרנסה! אויסערדעם האנדעלט ער נאך מיט ערדערנע כלים... א חוץ דעם אלעם האט ער זיך נאך בעשלאסען אונטער צו האלטען דאס יודישקייט אין געשטאלט פון א שטיקיל אמת־גלאט־כשר פלייש, און האט זיך געעפענט — א יאטקע...

מהיכא תיתא, א שוחט איז דאך נישט ערגער פאר א קצב!

האט ער אבער, דער שוחט, ביי אלע מלאכות מיט א סך ברכות, קיין צייט נישט אליין אין יאטקע צו שטעהען, פערטרעט ער זיך ביסליכווייז מיט א געוויסען "אנטאן", וואס הורתו ולידתו איז נישט בקדושה און קיין גר־צדק איז ער עד היום אויך נישט!

און רב־און־קהל, וואס פלעגט יאגען יעדען קצב פאר א חשש, פאר א שאטען פון א חשש־דחשש, שווייגט —

פאר די קצבים זענען זיי געוועזען "שטאהל און אייזען", ביים טאפעלטען שוחט איז פון זיי געווארען א ווייך שטיקיל וואקס... גאר ווייך, גאר קנעטענדיג, כמעט פליסענדיג...

---

אין איין אנדערער שטאדט, אויך איין אמת'ע עיר ואם בישראל, איז פארהאן א שוהל, און א רייכע שוהל מיט כלי־כסף־וזהב, מיט מעשענע לייכטער, מיט עטרות מיט גלעקליך, יד'ען מיט לאנגע פינגער, און מיט גבאים — גרויסע לייט, עהרליכע לייט, וואס, אז זיי דערהערען, אז עמיץ איז עובר אויף לא־תגנוב — פיו! אין קייטען אויף סיביר וואלטען זיי איהם געשיקט!

איינער א גבאי האט דעריבער טאקי אפילו א נאהנטען קרוב, א מענש אין געשעפט, פאר אביסיל גרעסערע הוצאות, וואס ער האט געמאכט אויפ'ן וועג פשוט איינגעזעצט... איין אנדערער ווייטער האט אזוי פיינט גנבים, אז ווען ער דערזעהט א גנב בפרט ביי נאכט, זאגט ער אליין, ווערט ער איבערגעצויגען ווי מיט א גענזענע הויט! ער קען נישט! א שפאס "לא תגנוב!"... און דאס זענען פעסטע מענשען, ערנסטע מע:שען, "שטאהל און אייזערנע" מענשען, אויף זייער'ס א ווארט איז מויערען שטעלען, פון כשר'ע הלואה נישט צו רעדען! אומגעציילט צדקה־געלד! אז מען ווייסט, אז די לייט זענען בטבע שונאי־בצע, בפרט לא־תגנוב־געלד!

און צום סוף האט זיך אויסגעוויזען, אז די גרויסע לייט, די גביר'ישע גבאים, די קהלי'שע מיוחסים, זענען אויך נישט "מעור־אחד"... שטיקליך גנבים שטעקט אין זיי!

ווארום, אז באברויסק איז אבגעברענט געווארען און מען האט געוואלט אויסרופען אין שוהל, מען זאל צוזאמענקלויבען נדבות פאר די נשרפים, און אריינטראגען צו די גבאים, האט דער עולם געגוג הויך געזאגט: לאו! מען האט זיך דערמאנט אין בריסק דליטא... בריסק דליטא איז אויך אמאל אבגעברענט געווארען; מען האט אויך אויסגערופען אויף נדבות, און מען האט געקליבען נדבות, און מען האט זיי אריינגעטראגען, די עטליכע מאות, צו די גבאים, און די גבאים — —

די גבאים, האט זיך אויסגעוויזען, זענען ווי געזאגט נישט מעור־אחד, האבען פליסיגע אידעען מיט קלעבעדיגע פיננער און דאס געלד איז נעלם געווארען, דערטרונקען געווארען!

---

און ווי פליסיג מוזען זיין די אידעען ביי'ן א בעל־בתי'ישען מסר?

אין א געוויסער שטאדט איז פארהאן א יוד א בעל־הבית, איז ער שוין אבגעוועזען אלץ אין דער וועלט. א קאנדידאט אויף אלערליי

נבאות און אפטרופסות, א האלב — צי א דרייפירטעל־יעה־יגער ציוניסט, סיי ווי סיי קומט איהם א רעשט פון א שקל... ער איז שוין געוועזען א הייסער חסיד און א קאלטער מתנגד, און סוף כל סוף, אז דאס אלץ האט נישט געהאלפען צום כבוד, איז ער געווארען א מסר!

און א מסר בריש־גליה! האט ער אריינגעשריבען וואו מען דארף, א כריוועלע, כאשר בכן — די לעהרער פון דער שטעדטישער תלמוד־תורה זענען "סיצוליסטען", לערנען עברית בעברית, פיהרען איבער די קינדער, מאכען פון זיי זאל גאט היטען וואס... און האט מודיע געוועזען פון דער מסירה דעם רב פון שטאדט און די אפטרופסים פון תלמוד־תורה, זאלען זיי וויסען...

צעהן מאל האט ער זיך געביטען דער וואקסענער "מענש", איידער ער איז מסר געווארען!

---

און די פליסיגע אידעען האבען נישט געשאדט, נישט דעם "דוהאווני", וואס בייגט זיך אין די דרשות ווי א לעדערנער דישעל, נישט דעם רב, וואס האט איין אנדערן יורה־דעה פאר'ן שוחטים קראם, נישט די גבאים, וואס האבען טהייל מאל פיינט גנבות ווי טהייל מאל ליעב א גנבה'לע, אפילו נישט דעם "אומרוה" דעם מסר... זיי אלע לעבען און לייבען, ווי עס פאסט פאר "דוהאווניס", רבנים, גבאים און שענע בעלי־בתים... בפרט זייט מען האט אויסגעשטראכען "הלכות מוסר"... און פון דעסטוועגען — פראסטע מענשען שאדט עס!

איך וועל אייך נאך דערצעהלען א מעשה פון א שניידער אין פראגע אונטער ווארשוי... (פערפאלען, איך האב מיך ארויסגעהאפט! "וואס עס איז אנגעשריבען מיט דער פען, זאל אויסהאקען ווער עס קען") —

הכלל א שניידער, און אפילו נישט קיין אמת'ער שניידער, ווארום ערשטענס האט ער קיין בגד אויפנייען לחלוטין נישט געקענט; אט א לאטע לענען, א ריס צוצערען, עפיס פאר א דייטש אויפצופרעסען, דאס האט ער געקענט. צווייטענס האט ער קיין שניידערישע טבע נישט נעהאט; נישט איבריג געשווארען, נישט געשאלטען, נישט איבער־געהאלטען די צייט, נישט צו פיעל געבאטען און — צוריקגעגעבען יתור, אפילו א פאדעם!

האט טאקי דער עולם געגאפט! בפרט, אז מען איז געוואהר געווארען, אז דאס שניידעריל קען א פסוק חומש מיט רש"י, פאהרט צו ר' צדוק'לען קיין לובלין און קומט אהיים, און חזר'ט איבער זיינע תורות, האט מען זיך אוודאי געוואונדערט... און פרומע ווייבער האבען באלד געקלערט: צי איז ער נישט אמאל א נסתר — א למד־וואו'ניק?

ער האט זיך אבער זיינס געטהון!

איינמאל האט זיך אבער געטראפען אזא מעשה: א יודענע א שכנה איז שווער געגאנגען צו קינד, קיין דאקטאר איז נישט געווען, קיין אקושערקע אויך נישט, די קולות זענען געגאנגען עד לב השמים, און דער מאן איז ארומגעלאפען פאר דער שטוב ווי משוגע, און אונזער שניידעריל, איז פונקט אהיימגעגאנגען פון נאס מיט א פאר מכנסים צו פערלאטען, און האט'ן געטראפען, און גרויס רחמנות געקראגען, און אנ־געהאפט דעם שכן ביי דער האנד, און געזאגט ערנסט און מיט'ן גאנצען הארץ: וואס לויפט איהר ארום ווי משוגע? מען טאר נישט! גאט וועט העלפען! א מענש מוז בטחון האבען! און גאט האט געהאלפען — — איז שוין געפאלען אויפ'ן שניידעריל א חשד, אז ער איז פארט קיין פראסטע שניידעריל נישט...

דערנאך, אז די מקשה לילד איז געזונד געווארען, פלעגט זי שטענדיג, ווען זי איז נור דורכגעגאנגען דורכ'ן שניידערילס פענסטעריל, אריינווארפען איין אויג, צי וועט זי נישט עפיס דערזעהען, צי טהוט ער נישט עפיס בסוד, עס מוז פארט אינ'ם שניידעריל עפיס שטעקען!

און איינמאל האט זי דערזעהען...

עס איז געוועזען א שענער זומער־טאג, א הייסער ליכטיגער נאכ־מיטאג! און דאס ארימע שניידעריל איז זיך געשטאנען ביי זיך אין שטיביל ביי דער וואנד און האט געדאווענט, מן הסתם מנחה, און אין דער הויך אויפ'ן שווארצען סופיט, פונקט איבער זיין קאפ, האט גע־טאנצט א ווייסער פלעק, א ליכטיגע קרוין!

אין א שעה ארום האט גאנץ פראגע געוואוסט, אז ווען דאס שניידעריל איז "מתפלל", שטעהט איבער זיין קאפ א ברענענדיגע גאלדענע קרוין... און זי טאנצט, און שאקעלט זיך, אזוי ווי זיין קאפ שאקעלט זיך!

א טאג שפעטער האט די איינענע אמאליגע מקשה לילד ווייטער אריינגעקוקט אין פענסטעריל צום שניידער און ווייטער געזעהען, ווי די אייגענע "ליכטיגע קרוין" טאנצט אויפ'ן אייגענעם ארט אין סופיט, חאטש דאס שניידעריל דאווענט נישט, און זיצט גאר ערגיץ און לאטעט אויף א דארף; צום דריטען טאג איז דאס שניידעריל שוין צוריק אין דער היים געוועזען און האט ווייטער געדאווענט, צי מתפלל געוועזען, נאר קיין ליכטיגע קרוין איז איבער זיין קאפ נישט געווען, נישט געציטערט, נישט געטאנצט, ווייל עס איז קיין זון נישט געוועזען... עס האט גערעגנט!

די יודענע האט פערשטאנען, וואס דאס בעטייט, נאר עס איז שוין צו שפעט געווען — גאנץ פראגע, אלע ווייבער, אקסענהענדלער, קעלבער־טרייבער און לעדיג־געהער, האבען שוין געוואוסט, אז דאס שניידעריל איז קיין פראסטע שניידעריל נישט, אז ווען ער איז מתפלל, שטעהט איהם א גאלדענע קרוין אויפ'ן קאפ!

איין שניידעריל וואס האט נישט געגלויבט! וואס האט זיך גע־האלטען "שטאהל און אייזען" דערינען, אז ער איז נישט מעהר ווי א שניידעריל, אז ער ווייסט נישט פון קיין קרוינען; — אז יתור פון לאטעס גיט ער אב, ווייל ער האט זיי נישט ווען צו פערקויפען, מען קען דערפון אפילו קיין קינדעריש היטעלע נישט מאכען, אז ער אליין פאהרט צו ר' צדוק'לען...

עס האט אבער נישט געהאלפען, ער איז אנטלאפען און די ווייבער, מיט די אקסענהענדלער מיט די קעלבער־טרעגער זענען איהם נאכגע־לאפען; איבער וואלד און איבער פעלד, איבער בארג און איבער טהאל, ביז זיי האבען איהם געהאפט, גענייט, פשוט מאנס געווען! און זיי האבען אויסגעפיהרט! דאס הארטע שניידעריל איז ווייך געווארען, זיין שטאנדהאפטיגע הערליכקייט האט זיך געבויגען, איבערגעקנעטען, ווייך און צוגאסען! און ער איז געווארען, וואס מען האט פון איהם געוואלט, און ער גיט עצות מיט קמעות, און נעמט מטבעות עד היום הזה...

נאר געשאדט האט עס איהם!

פליסיגע אידעען זענען אפילו א סגולה צו פרנסה, טה ילמאל צו עשירות אפילו... אבער דער נשמה, בפרט א פראסטער שניידערישער נשמה שאדט עס!

מען האט'ן אזוי לאנג געבויגען, געקנעטען, ווייך געמאכט, ביז ער האט בעקומען "פליסיגע אידעען", ביז די פליסיגע, אמאל פעסטע שניידערישע נשמה, האט זיך איהם אויסגעגאסען ווי א וואסער, און עס איז איהם טרוקען געווארען אויפ'ן הארץ, אין האלז, אין אלע איברים,

און ער האט אנגעהויבען טרינקען, זוכען זיך נייע פליסיגע נשמות אין גלעזיל, אין קווארטען, אין גאנצע שטאפען...

און ער טרינקט ווי נישט קיין מענש. חסידות'טעס זאגען: ווי א מלאך; מתנגדים: ווי א פויער... און וואלגערט זיך שכור'עהייט אין די גאסען ווי גאר עפּיס אנדערש...

און די פרומע ווייבער זאגען: גאט ווייסט וואס ער זוכט...

און איך וויים: די אלטע נשמה זוכט ער!

אזוי אזוי בריד ער: פליסיגע אירעען זענען א מעלה ביי פילאזאפען; זיי קומען צו נוטץ און זענען געזונד פאר רבנים, כלי־קודש, פיינע בעלי־בתים, אבער פראסטע מענשען, שוסטער, שניידער צי אנדערע בעל־מלאכות, זיי שאדט עס.

נישט דעם גוף — דער נשמה שאדט עס.

זיי פערליערען באלד די נשמה. —

די ביהן.

---

# די יודישע וועלט.

## געזעצען און משפטים.

— דער „פּראווויט' וויעסטניק" איז מודיע, אז דעם 15־טען מאי איז אין ווילנער קריעגס־קרייז־געריכט געווען דער משפט פון הירש לעקוך אדער לעקערט, וועלכער האט געשאסען אויפ'ן ווילנער גובערנאטאר פאן־וואהל, כדי איהם צו טוידטען. דאס געריכט, ערקענענדיג הירש לעקוך פאר שולדיג, האט גע'פסק'נט צו בערויבען איהם אלע זיינע רעכטע און צו טוידטען איהם דורך אויפהענגען.

די קאסאציע פון פעראורטהיילען איז דורכגעזעהען געווארען אין קריעגס־געריכט דעם 21־סטען מאי און אבגעזאגט געווארען.

דעם 29־סטען מאי איז דער פסק אויסגעפיהרט געווארען אין ווילנא.

— דער אטאמאן פון דאנער ראיאן האט נישט ערלויבט יודען מוזיקאנטען צו וואהנען אין ראסטאוו, און דערום וועלען מוזען ארויסטרעטען פון דער קאפיעלע פון קאמערץ־קלוב 13 מאן און פון דער קאפיעלע איז אלעקסאנדער־גארטען 15 מאן.

— די „יוריד' גאזעטא" ערקלערט, אז א סוחר, וועלכער האט באנקראטירט, קאן נור דאן, לויט געזעץ, אויסקויפען די ערשטע גילדע, אויב ער וועט בעוויזען, אז דער באנקראט איז געווען נישט במזיד; אבער א סוחר, וועלכער באנקראטירט במזיד, פערלירט דאס רעכט אויסצוקויפען די ערשטע גילדע. אויב דער דאזיגער סוחר איז א יוד, וועלכער וואהנט אויסער דער „טשערטא" אויף גרונד פון דער גילדע, פערלירט ער דאס רעכט צו זיין ווייטער א סוחר פון ערשטע גילדע און צוגלייך דאס רעכט צו וואהנען אויסער דער טשערטא.

*

## יודישע קהלות.

— דעם 25־סטען מאי איז געלעגט געווארען דער פונדאמענט צו דער שול „שערי־ציון" אין ליסאבאן, וועלכע איז די איינציגע אין גאנץ פארטוגאל, זייט מען האט די יודען פאר 400 יאהר ארויסגעטריבען פון דעם לאנד.

די צערעמאניע איז געמאכט געווארען אין א גרויסען געצעלט, וועלכעס מען האט אויפגעשטעלט צו דעם צוועק און בעפוצט מיט פאלמען און בלומען. בערך 3000 מענשען, דארונטער זעהר פיעל קריסטען, זענען געווען ביי דער צערעמאניע.

די יודישע קהלה אין ליסאבאן בעשטעהט פון אלטע פארטוגיזישע פאמיליעס. די פארנעהמסטע צווישען זיי זענען אמזאלאק, דער פרעזעס פון דער קהלה, סעקווערא, אבודרהם, אזולאי, בענאליעל, פאריענטא, פינטו א. ז. וו. דער ראבינער איז א רוסישער יוד, יצחק י. וואלפינזאהן.

— די יודישע רעפארמירטע געמיינדע אין סען־לואי (פעראייניגטע שטאאטען) האט בעשלאסען איבערצוטראגען צוריק די תפלה־בצבור פון זונטאג אויף שבת, און מבטל צו זיין דאס דאווענען אום זונטאג. אויף דער ראבינער פערזאמלונג אין ניו־ארלעאן איז פארגעלעגט געווארען, אז מען זאל איינריכטען תפלה־בצבור אנשטאט שבת אים זונטאג, און די פראגע איז איבערגעגעבען געווארען א בעזונדער קאמיסיאן זי צו ענטשיידען.

*

## חברות.

— דעם 12־טען מאי איז געווען אין פעטערבורג די פערזאמלונג פון די אקציאנערען פון „דער חברה צו־בויען־ביליגע וואהנונגען פאר יודען", אויסהערענדיג דעם דין־וחשבון פון פערגאנגענעם יאהר און דורכזעהענדיג דעם בילאנס האט די אספה בעשטעטיגט דעם דין־וחשבון און בילאנס. מען האט אויך בעשטעטיגט די סמיעטע און דעם פלאן, וואס מען האט צו טהון דאס קינפטיגע יאהר. ענדליך האט מען אויסגעקליבען א נייעם קאמיטעט און רעוויזיאנס־קאמיסיאנען. אלס נייע מיטגליעדער פון קאמיטעט זענען אויסגעקליבען געווארען ד. ס פאליאקאוו און ד. פ. פיינבערג. נאך שלוס פון דער אספה איז געווען איין עקסטרא־זיצונג פון קאמיטעט, צו בעקלערען די פראגע וועגען בויען ביליגע וואהנונגען אין כאברויסק.

•

## בילדונג.

— דער קאמיטעט פון דער חברה צו פערברייטען בילדונג סטארעט זיך וועגען איין ערלויבניש צו עפענען אין יעליסאוועטגראד צייטווייליגע פעדאגאגישע קורסען פאר יודישע לעהרער און לעהרערינס. אויף די קורסען, וועלכע וועלען זיין אין יולי, וועט מען לערנען: מעטאדען פון יודישע למודים, פון רוסישער שפראך, חשבון און ז. וו. אלס לעקטארען זענען איינגעלאדען: ה' י. ב. קאצענעלסאן, ראבינער אין אריאל, ה' באראזדין, דאצענט פון פעטערבורגער אוניווערזיטעט, און ה' מיעסיאץ. מען רעכענט, אז דאס פראגראם פון די קורסען און די לעקטארען וועלען בקרוב בעשטעטיגט ווערען.

כדי די זאך זאל געשווינד אויסגעפיהרט ווערען, איז ארויסגעפאהרען דער סעקרעטאר פון דער חברה קיין אדעס. דערזעלבער סעקרעטאר וועט אויך זיך בעקענען אויפ'ן ארט, ווי עס קענען איינגעריכט ווערען שטענדיגע קורסען צוצוגרייטען לעהרער פאר יודישע למודים.

— דר. אייזענשטאדט, ראבינער אין ראסטאוו, ערקלערט דעם אופן, ווי מען דארף זיך סטארען וועגען איין ערלויבניש צו עפענען יודישע ביבלאטהעקען און אוונט־שולען פאר דערוואקסענע יודען.

כדי צו בעקומען איין ערלויבניש אויף עפענען איין ביבלאטהעק און לעזע־צימער, דארף מען דערלאנגען א ביטע צום גובערנאטאר און ביילעגען דעם פראיעקט פון די תקנות. עס איז גלייכער, אז די ביטען זאלען זיין אין נאמען פון ראבינער. אין דער ביטע דארפען זיין אויפגעגעבען די נעמען פון די פערזאנען, וועלכע נעהמען אויף זיך די פעראנטווארטליכקייט פאר די ביבלאטהעק און וועלכע פיהרען זי. אויב דער ראבינער דערלאנגט די ביטע פון זיין אייגענעם נאמען, איז גלייך, אז ער זאל זיך אליין אנגעבען אלס פעראנטווארטליכע פערזאן. אלס פיהרער פון דער ביבלאטהעק איז גלייך צו בעשטימען איין לעהרער פון א שולע אדער איינעם פון די ראשי־קהל.

איין ערלויבניש אויף איין אוונט־שולע איז א ראבינער לייכטער צו קריעגען איידער א פריוואט־מענש. כדי צו בעקומען איין ערלויבניש, דארף מען אין נאמען פון ראבינער דערלאנגען א ראפארט דעם אינספעקטאר פון די פאלקס־שולען און ערקלערען איהם די נויטהיגקייט פון אזא שולע פאר'ן ארט, ביילייגענדיג דאס פראגראם, און אויפגעבענדיג די פערזאנען, וועלכע וועלען לערנען אין דער שולע.

אין דער אוונט־שולע האבען דאס רעכט צו לערנען נור אזעלכע מענשען, וואס האבען דעם טיטעל לעהרער, אדער מענשען מיט א מיטעלער אדער אוניווערזיטעטס־בילדונג, וועלכע האבען אויסגעהאלטען א פערקירצטען עקזאמען.

— דער דירעקטאר פון יעליסאוועטגראדער גימנאזיום האט צוריקגעגעבען די דאקומענטען אלע יודען, וועלכע האבען געוואלט איינטרעטען אין גימנאזיום, ווייל עס איז שוין פאראן אין גימנאזיום שילער־יודען מעהר ווי 10 פראצענט. ערשט אין 3 – 4 יאהר ארום וועט זיך אויסגלייכען די נארמע און מען וועט קענען אנהויבען אריינצונעהמען יודישע שילער.

אין ווילנער צווייטעס גימנאזיום ווערען היינטיגס יאהר אויך נישט צוגענומען קיין יודען, ווייל די נארמע איז שוין פערפולט.

אין נייעם פאליטעכניקום, וועלכעס ווערט דאס יאהר געעפענט אין ליעסנאיע נעבען פעטערבורג, וועט מען צונעהמען אויפ'ן ערשטען קורס 270 סטודענטען און יודען 15 פראצענט.

לויט דעם צירקולאר פון מיניסטעריום פון פאלקס־בילדונג פערלאנגט דאס מעדכען — און מענער־גימנאזיום אין באקו פון יודען, וועלכע ווילען דארטען אריינגעבען זייערע קינדער, אז זיי זאלען צושטעלען א דאקומענט פון דער פאליציי, אז זיי האבען דאס רעכט צו וואהנען אין באקו, און אויך אז זיי פיהרען זיך גוט אויף. שילער פון פריהער, וועלכע שטעלען נישט צו אזעלכע דאקומענטען, ווערען אויסגעשלאסען פון גימנאזיום.

— דאס מיניסטעריום פון פאלקס־בילדונג האט געגעבען א בעפעהל דער לעהר־אדמיניסטראציאן, אז דורכזעהענדיג די ביטען וועגען עפענען יודישע פריוואט־שולען פון ערשטען און צווייטען ראנג, דארפען זיי יעדעס מאל גוט בעטראכטען, אויב עס איז נויטהיג צו עפענען אזעלכע שולען אין דעם ארט ווא מען פערלאנגט. אין פאל, אויב מען וועט איינזעהען, אז אויפ'ן ארט זענען פאר האן פיעל יודישע קינדער, וועלכע קענען נישט אריינטרעטען אין די אלגעמיינע שולען צוליעב די פראצענטען, און אז עס איז גלייך צו עפענען אין דעם ארט א יודישע פריוואט־שולע, קענען די ביטען ערפילט ווערען, אבער נור מיט

דעם תנאי, אז די פערזאנען, וועלכע בעטען וועגען ערלויבניש, זאלען האבען די אייגענשאפטען, וואס ווערען געפאדערט אין דעם פאל פון קריסטען.

•

## געשעפטען און מלאכות.

— פיעל יודישע געשעפטען אין ווארשוי אויף די נאלעווקעס האבען בעשלאסען צו פערמאכען זייערע געשעפטען 8 א זייגער פון אווענד, כדי זייערע פריקאשטשיקעס זאלען האבען אביסיל מנוחה. פריהער פלעגט מען ארבייטען אין די געשעפטען ביז האלבער נאכט.

*

## עמיגראציע.

== די „קעניגליכע קאמיסיאן אויסצופארשען די עמיגראציאן" האלט ווייטער איהרע אסיפות. לעצטענס איז אויסגעפרעגט געווארען ה' סילווער דער דעפוטאט פון בעצירק סטעפנא, וועלכער איז אם מעהרסטענס בעזעצט מיט יודען. סילווער בעקלאגט זיך, אז אין דעם בעצירק קאן קיין ענגלענדער נישט האבען קיין געשעפט, אז די דארטיגע קירכען זענען פוסט און זעהר געפאלען. ער לויבט דעם לארד אינטערטאן, וועלכער פערמאגט אין בעצירק סטעפנא 900 הייזער און וויל נישט ארייגלאזען אין זיי קיין אויסלענדער פאר קיין געלד. נאך איין ערגערע מיינונג וועגען די אויסלענדער ד. ה. יודען האט געגעבען דער צווייטער דעפוטאט וויללויאמס.

דאס ערגסטע איז, וואס די צייטונגען, אפילו די ארענטליכע, האלטען ביסליכווייז אונטער די בעהאלטענע אנטיסעמיטען. דערוויל זענען די בעראטהונגען נאך נישט געענדיגט.

— דער ענגלישער מיניסטער באלפור האט געענטפערט אין פארלאמענט דעם דעפוטאט ווינסענט: אז דאס רומענישע געזעץ וועגען בעלי-מלאכות קען אפילו פערגרעסערן די עמיגראציע פון די יודען אויס רומעניען, אבער לעת-עתה האט זיך נישט פערגרעסערט די עמיגראציע קיין ענגלאנד געגען פאריגען יאהר. אויסער דעם פערנעהמט זיך איצט די קעניגליכע קאמיסיאן מיט דער שאלה וועגען עמיגראציע. אויף די שאלה פון ווינסענט, אויב עס איז אמת, אז די לעצטע פאר חדשים האט מען צוריקגעשיקט אויס די פעראייניגטע שטאטען בערך 1000 פערזאן, ווייל מען האט זיי ערקענט אלס שעדליך פאר'ן לאנד, האט באלפור געענטפערט, אז ער ווייס נישט, ווי ווייט די דאזיגע צאהל איז ריכטיג, אבער אין די לעצטע פאר יאהר האט מען נישט צוגעלאזען פון די עמיגראנטען אין די פעראייניגטע שטאטען נישט מעהר ווי 5 פראצענט.

— אויף איינלאדונג פון „דער קעניגליכער קאמיסיאן וועגען עמיגראציע אין ענגלאנד", איז דר. הערצל געפאהרען קיין לאנדאן, כדי אבצוגעבען זיין מיינונג פאר דער קאמיסיאן אין דער פראגע פון עמיגראציע. דעם 12-טען האט דר. הערצל געזאלט זיך שטעלען פאר דער קאמיסיאן, נאר דער פלוצלינגער טוידט פון זיין פאטער האט איהם געצוואונגען תיכף צוריקצוקעהרען קיין וויען. ער האט דערוויל איבערגעגעבען דער קאמיסיאן זיין מיינונג שריפטליך.

*

## ציוניסטישע נייעס.

— שבת דעם 17-טען מאי האט די יודישע פאלקס-האכשולע אין פאריז געמאכט איין אווענד לכבוד דעם ערשטען יאהר, זייט זי עקזיסטירט, אויף וועלכען עס איז געוועזן פארזיצענדער דער גרויס-ראבינער פון פראנקרייך צדוק כהן. דער זאל פון דער האכשולע איז געוועזן צו קליין, ער זאל קענען פאסען דעם גאנצען עולם, וועלכער האט געוואלט אריין.

נאך אייניגע בעגריסונגסווערטער פון פרעזידענט פון דער געזעלשאפט „דורשי-ציון" ה' קאהן, האט דער גרויס-ראבינער געהאלטען די פאלגענדע רעדע: „איך בין גליקליך, וואס איך געפון מיך איצט אין אייער מיטטע. די דאזיגע אינסטיטוציאן מאכט עהרע די מענשען, וועלכע האבען זי פארגעשלאגען און דורכגעפיהרט, דאס זענען די ציוניסטען פון פאריז. וואס פאר א מיינונג מען זאל האבען איבער דעם ציוניזם, מוז מען אלץ מודה זיין: אז דער ציוניזם האט דעם יודענטהום איינגעפליסט נייעס לעבען. ער האט אויפגעבלאזען די געפיהלען, וועלכע האבען געהאלטען ביים אויסלעשען, און זיינע בעשטרעבונגען, וועלכע האבען דעם צוועק צו הויבען דעם מאראלישען און גייסטיגען שטאנד פון יודענטהום, האבען פיעל מצליח געוועזן. דעם ציוניזם אליין האבען מיר צו דאנקען, וואס די יונגע לייט האבען זיך צוריקגעקעהרט צום יודענטהום. דורך די קורסען פון יודישער געשיכטע און העברעאישע שפראך דערמאנט איהר אייערע צוהערער אונזער שענע פערגאנגענהייט. דאביי פערגעסט איהר אויך נישט די איצטיגע צייט און לערענט זיי די פראנצויזישע שפראך און פערשידענע וויסענשאפטען.

געוויס, איהר וועט נישט טרעפען אויף אייערע פערזאמלונגען קיין גבירים און לעב-קינדער, דערפאר וועט איהר האבען דאס גליק צו זעהען די ארימע, וועלכע זוכען ליכט און וויסען; דער רוב פון זיי זענען דא פרעמדע. געוויסע פערזאנען קוקען קרום אויף די פרעמדע יודען, וועלכע בעזעצען זיך אין פראנקרייך. מיין מיינונג אבער איז, אז דאס צוקומען פון פרעמדע יודען איז א גליק פאר די פראנצויזישע יודען, ווייל זיי פיהרען אונז צו נייע בלוט, וועלכעס וועט אויפוועקען די פערגליווערטע יודען און זיי מאכען יונג און געזונד. דערום בין איך גליקליך, וואס איך געפין זיך צווישען אייך אין אייער פיעל פערשפרעכענדער אינסטיטוציאן, וועלכע קאן יעדע צייט רעכנען אויף מיין אונטערשטיצונג".

נאכהער האט געהאלטען א רעדע דער לעהרער פון יודישער געשיכטע ה' יאקאבזאהן, וועלכער האט ערקלערט דעם צוועק פון דער האכשולע: אין פאריז זענען פאראן בערך 40,000 יודישע ארימע מענשען, וועלכע פיהלען זיך פרעמד צווישען די פראנצויזישע יודען. דער צוועק פון דער האכשולע איז צו לערנען די דאזיגע יודען די שפראך, די זיטען און די געזעצען פון לאנד, און וועלכען זיי לעבען. דערמיט פערגרינגערן מיר זיי דאס לעבען אין פראנקרייך. דורך דאס לערנען פון געשיכטע און העברעאיש הויבען מיר זיי ווידער מאראליש, בעווייזענדיג, אז זיי דארפען זיך נישט שעמען מיט זייער פאלק און זייערע אבות.

נאכהער האבען געהאלטען קורצע רעדען ה' סלושץ און שאפירא אין העברעאיש, און דר. אלעקסאנדער מארמארעק, דער פרעזידענט פון דער פראנצויזישער ציוניסטישער פעראייניגונג, און דערמיט האט זיך די פערזאמלונג געענדיגט.

*

## פערשידענעס.

— דער רוסישער קייזער האט מנדב געוועזן 50,000 רובעל אויף די באברויסקער נשרפים.

*

## ליטעראַרישע נייעס.

— עס איז ערשיענען אין פערלאג פון ה' פיראזשניקאוו ווילנא א זאמלונג פון די שירים פון מיכה יוסף לעבענזאהן מיט דייטשער איבערזעצונג און שירים פון א. שטיינבערג. צו דער זאמלונג איז צוגעגעבען א קורצע לעבענסבעשרייבונג, דאס בילד פון פאעט און בריעף פון זיין פאטער.

---

* * *

I.

מיליאנען שטערען לייכטען
אין דעם הימעל, אין דעם שיינעם, —
נאר פון אלע, אלע שטערען
ציהט מיין הארץ זיך אלץ צו איינעם;

דונקלער, דאכט זיך, איז דער שטערען
און פון אלע איז ער קלענער...
אבער מיר — ווי גרויס און ליכטיג
שיינט ער, אט דער שטערען יענער!

און אויף אלע גרויסע שטערען
פון דעם הימעל, פון דעם שיינעם,
וועל איך קיינמאל נית פערבייטען
אט דעם שטערען, אט דעם קליינעם!

II.

צווישען אלע שיינע לענדער
אויף דער גרויסער וועלט איז איינע
דא — און טריי און ליעב און הייליג
איז מיר אט דאס לאנד, דאס קליינע!

טרויריג שטעהט זי קעגען אלע
מיט איהר פנים, מיט'ן שווארצען...
אבער מיר — ווי טיעף איז זי דארט
איינגעבאקען אין מיין הארצען!

און פון אלע לענדער שענער
איז מיר אט דאס לאנד, דאס קליינע;
פיעל האב איך שוין אויסגעוואנדערט —
הייליג בלייבט מיר זי נור איינע!

אדעסא. מנחם מענדל הורוויץ.

# ספר הבהמות.

מעשיות פון בהמות, אלערליי מיני בעשעפניש און אלסדינג, וואס פאר־לויפט זיך אין זייער עולם.

פון

ש"י אבראמאוויץ.

לכבוד רב מענדעלי מוכר־ספרים.

א מתנה

פונ'ם מחבר.

---

ליבהארצעדינער רב מענדעלי!

איך קען מיר פארשטעלען מיט וואס פאר א קרום פנים איהר וועט בעגעגנען דעם דאזיגען ספר מיינעם, וועלכען איך ברייננ אייך במתנה. "סטייטש, וואס הייסט — וועט איהר מאכען פערוואונדערט, בטלנ'דיג צו מיר, צו מיין קאפ חלומות — א בעל־לשון, וואס ארבייט כל־ימיו אין דעם "וויינגארטען פון דער יודישער ליטעראטור", שטענדיג געהאט צו טהון מיט יודען, געהאט מיט זיי צו זיננען און צו זאגען,—אזעלכער זאל פלוצים אוועקווארפען אלסדינג, וואו וויינגארטען, וואו פאלק ישראל — נאט אייך גאר בהמות!... און נאר חוץ אלע זאכען, ווי געשיקט זיך עס גלאט מעשיות פון בהמות, פונ'ס בהמה'שען עולם?! מעשיות פון גלגולים, א שטייגער, ווי מענשען, אזוינע און אזוינע, ווערען, רחמנא ליצלן, בהמות: פערד, אייזלען, חזירים, נישט פאר אייך גערעכט, מילא דאס איז חאטש על־פי דרך־הטבע. מען קען עס פערשטעהען. עס האט זיך שוין אזוינס געטראפען און טרעפט זיך נאך עד־היום אין אונזערע יודישע שטעדט. אבער מלכתחלה אמת'ע עכטע בהמות זאלען פיהלען, וויסען פון זייער חיות — אזוינס נעהמט דאך נישט דער שכל. ס'איז דאך נאר א געלעכטער. נישט אנדערש טאקי ער איז משוגע!"

לאז זיין אזוי, רב מענדעלי, איך בין משוגע. איך וועל מיך נישט שפארען; די שאלה איז אבער, וואס פאר א מין משוגע'נער איך בין. א מענש קען הייסען משוגע, פערשטעהט איהר מיך, איינס פון צוויי: אדער פונ'ם זינען נעהט אראב ער, און דער עולם איז קלאר, אדער פערקעהרט — דער עולם געהט פונ'ם זינען אראב, און ער איינער איז קלאר. דען דער שגעון פון א וועלט הייסט סדר־העולם. יענין, וואס אין דער מאדע, עס מעג זיך זיין קרום, איז גלייך. משוגע איז דער יחיד טאקי סיי־ווי־סיי, איןביידע פעל, דער חילוק איז נישט מעהר אט אין דעם: אין ערשטען פאל איז ער איין עכטער משוגע'נער, וואס משוגע הייסט. אין דעם צווייטען פאל אקענען איז ער נאר א נ ע מ א כ ט ע ר. און דאס, פערשטעהט איהר מיך, מאכט זעהר פיעל אויס. מיין שגעון איז — אזוי וויל איך מיר גלויבען — וואס איך בין נישט משוגע גלייך מיט אנדערע. דאס הייסט, וואס איך רעד נישט מיט דעם עולם איינע רייד, איינע ווערטער, נישט קוקענדיג אויף דער מאדע. אודאי איז דאס א נארעשקייט. א מענש — זאגען די פילוסופין — איז בטבע א חברה־מאן... אינאיינעם מיט חברה איז תמיד גוט. ס'איז דא אי כבוד, אי צו־ליעבזאכען: דו מיר... פערשטעהסט דו מיך, און איך דיר... פערשטעהסט דו מיך. הכלל, דערלייגען דערלייגט מען נישט. — יא, זעהר גוט. נאר וואס טהוט מען אבער, אז מען וויל אונטערבאמקען און עס נעהט נישט? אז אינווענינ אין דיר זיצט עפים ווי א שומר, וואס אבי עס דאכט זיך איהם ביי דיר עפים א חכמה'לע, מאכט ער: שא! עפים א תנועה'לע — לאזט ער דיך נישט פון דאנען אהין...

דערקלערען זיך דא פאר אייך — אך! נאר ציהט מיך נישט, רב מענדעלי, פאר דער צונג, צו דערקלערען אלסדינג רייך, שארף ביז איטליכס פיצעלע, נישט פערשטעלט. איבעריג חלעבין! מיר יודען פער־שטעהען זיך אויפ'ן ווינק. איין ווארט, אמאל, נישט דעררעדט, נישט געענדיגט, א סמארע מיט דער נאז, א דרעה מיט'ן פינגער, זאגט ביי אונז מעהר ווי ביי די אומות העולם א גאנצער ספר. ביי וועמען פון זיי איז דא אזוי פיעל ראשי־תיבות, וואס ב־עכען דעם מח, אזוי פיעל ווערטער מיט פינטליך אויף שטארקע אנציהערניש צו געבען, ווי ביי אונז? אויף איין אות, וואס דעם, יענעם דאכט זיך איבעריג, שטעהען אנגעבויעט גאנצע בערג יודישקייט. איהר פערשטעהט? בערג חיינגען אין דער לופטען אויף א האהר, יודען אין דער לופטען אויף זיי, באמבלען זיך מיט אויבער־הסברות אהין אהער, א שרעק!... אט אזוי איז דער שטייגער ריידען ביי אונז: דרינגעניש, אנשטויסעניש, עפים גלאט אהן ווערטער — אי... בע... עט... אנגעהויבען עפים און וגו', א האלב וואר"ט און וכו', ענדיגען ענדיג דיר, זיי מוחל, דו מיט דיין כבוד אליין. וד"ל — דו ביסט נישט קליין צו טרעפען ניש־קשה, וואס מען מיינט.

מילא, הערט־זשע רב מענדעלי!

יא, אקעגען דעם וואס מעלתו זאגט — "וויינגארטען". אוי, טהוט זיך עס דארט הייגט אביסיל, אי־אי־אי! גאר ניט דער וואס פריהער. מילא ריינקייט, שיינקייט... בין איך מוחל — נארעשקייטען! אבער וואו איז דאס רוהיגקייט, דער געקליבענער עולם דארט וואס אמאל? הייגט איז כל־דכפין — אריין! צוגלייך מיט די געהויבענע, פארנעהמסטע לייט דארט, אויך קינד און קייט, אהן עין־הרע. עס הילכט, עס שווישטשעט פון איטליכס ווינקעלע. נייע פייגעליך — נייע ניגונים; נייע גרילען — נייע גרילצעניש. עפים רעדט מען מיני דבורים, עפים וויל מען, וויל מען... וואס? שווער צו זאגען. בע! עפים הארבליך אביסיל זייער לשון. ווי עס זעהט אוים זענען זיי עפים אנגעדרודעלט. פאר וואס? קיין יודישע נשמה קען מען נישט שאצען. מסתמא ווייסען זיי פאר וואס. נאר אויף וויפיל ס'איז מעגליך צו פערשטעהען דאכט זיך, אז זיי זענען גאר ניט אזעלכע בייזע... ווי זיי זעהען אוים. די אלע דבורים זענען נישט פון זייער קאפ, חלילה. דאס האבען זיי גענאשט ביי יענע להבדיל דארט, וואס הייגט אין דער מאדע. די גאנצע זאך נישט מעהר איז, וואס ביי יענע איז דאס נאך עט... צו דערליידען. ביי אונזערע אבער האט עס, מישטעהנס־געזאגט, א פנים ווי א פאריזער מאדע ווערד פערטראגען, אז אח־און־וועה צו איהר. צו יודישע מיידליך, דינסטמיידליך ערגיין אין א יהופעין. — הכלל, ס'איז ליהודים.

דאך בין איך מיר געגאנגען מיין וועגס — שא, גאר נישט, גלייך ווי מיר איז פערלייגט די אויערען. אדרבה, נאך אפשטעלען זיך גאר אמאל אין דער זייט דארט און הארכען אויף ציקאוועשטש, בשעת א גרוים דולעניש צווישען עלטערע, געלערנטע איבער הייגט'גע משיח'ס צייטען, א שטייגער, חאטש ס'איז אביסיל פערשטעלט, ארץ־ישראל הייסט עס, עפים נישט דעריזאגט, האלבע ווערטער, ראשי־תיבות: א"י, א"י מיט פינטעליך, וואס ווערט געטייטשט מיט ל"ב פירושים. א י י נ ע ר, א שטייגער איז אויסען ניישט אזוי א"י, גלאט פשוט מגושם ארץ־ישראל, ווי דאס פינטעלע דרינגען. דער שפיטץ אינגאנצען, וואס שטעקט און מוז שטעקען דרינען, איז אט־א דאס — דאס פינטעלע יודישקייט, די גאנצע חכמה, ווי הייסט מען עס, פערשטעהט איהר מיך. א"י, הייסט עס, האט דעם יודישען טעם, מען בעדארף עס פיהלען ווי עפים א רוחניות. עס האט אין זיך אזוינס, עפים אזוינס, אזוינס... וואס כמעט נאר פאר דער

נשמה, אנדערש לאזט זיך עס נישט טייטשען.. קומט נאך איינער און זאגט אויך פינטעלע טאקי, נאר א"י איז בע... לאו דוקא, פערשטעהט איהר מיך, וואס לאו דוקא הייסט. אי איז דאך די קשיא, אז נישטא קיין ארט, אויף וואס זשע שטעלען דאס פינטעלע? — די וועלט ניש־קשה איז גרויס, ס'איז גענוג פלאץ דארט פאר איהם אויך. מען בעדארף נאר האלטען זיך במעלה און זיך מאכען הארץ. אי וואס — וואס, וואס? מען בעדארף מורא האבען... ניש־קשה, ניש־קשה! נארעשע מענשען! זאגען א טהייל. יא, א"י טאקי א"י, נאר דערצו בעדארף מען פריהער גוט טאקי זיך קוועטשען. וואס מיינט איהר קוועטשען? — קוועטשען די באנק, געהען אין חדר אריין!... דאס מיינט מען עפיס קולטורע, ווי הייסט עס ביי זיי היינט, השכלה אויף דעם נייעם שניט, פערשטעהט איהר מיך. — נאך א טהייל מענשען, גאר אהן חכמות, אהן מלאכות, מאכען: עט! נאט אייך א גראשען, א פערציגער הייסט עס, און א"י, הלעבין! וואס נאך? — א תנועה אביסיל פון יודען! א הארטען פערציגער דערפאר איננאנצען. איהר פערשטעהט? — נאר ווי די מעשה איז, אזוי צי אזוי, וואס קען עס מיך אזא געשריי, אזא איקעריי ארען? לאז זיך מיר דאכטען א קלייזעל...

איך שפאציר מיר אזוי איינמאל אין וויינגארטען, ווי דער שטייגער מיינער איז, ביהידות, אויף וועגעליך, וואו נישט אלע געהען, צוקוקענדיג מיך פון דערווייטענס צום עולם, בעטראכטענדיג דאס, יעניך, פאמעליך, פאמעליך, זיך נישט געיאגט, געהאפט, און פערטיפענדיג זיך אמאל אויך אין די געדאנקען. פלוצלים קומט מיר צו די אויערען א האמפעריי, קולות פון א סך מיילער, דער געזאגט, יענער געזאגט, אלע אינאיינעם עפיס אזוי:

— משכילים!... אסימילאטארעס!

— זעכציגער, זיבציגער יאהרען!

— געמיינט השכלה, האבען זיי, א סגולה צו די צרות.

— וואס געטהון די משכילים פריהער?

— פאר'ן פאלק וואס געטהון?

איך שטויס מיך שוין אן וואס דאס בעטייט. — דאס רעכנען זיך דא אב קינדער מיט טאטעס, דער נייער דור מיט דעם אלטען. עס פערדריסט מיך שוין טאקי אויף זיי, אויף די היינטיגע הייסט עס. הע־הע, זידלערייען! נישט צו פערשטעהן פון טאג צו נאכט — אז דענסטמאל האט ערשט אנגעהויבען צו טאגען, נאך אזא לאנגער פינסטערער נאכט צו טאגען! נישט וויסענדיג זיך צו מאכען פונים חילוק פון היינט ביז אמאל — אז אנדערע צייטען—אנדערע וועהטינען, אנדערע וועהטיגען—אנדערע סגולות. אז צו מענשליכע צרות איבערהויפט איז בילדונג פערעכענט געווען דענסטמאל פאר דאס איינציגע מיטעל ביי דער גאנצער וועלט בכלל. נישט צו בעטראכטען די ביטערע לאגע, אין וועלכער די בידנע משכילים נעביך האבען דענסטמאל זיך געפונען צווישען איין עולם, וואס איז ברייט געווען פאר א מינדסטע זאך, עפיס נישט אזוי ווי ביי איהם איז איינגערעדט, זיי צעררייסען אויף שטיקער. אוי, האבען זיי דענסטמאל נעביך געליטען! און נאך פאר וואס? פאר'ן תנ"ך, דקדוק, לשון געליטען!... אויף בוידעמס, אין קעלערס, לעכער, חורבות האבען זיי געלערענט. די שנאה פון אלע זייטען איז גרויס, סכנות, נויט, ארעמקייט — א שרעק, און זיי פון דעסטוועגען טהוען זייערס, דערגרייכען א סך. דעם פונדאמענט צו אונזער איצטיגען צושטאנד געלייגט האט ווער? — זיי! גאזעטען, שפראכע, השכלה־ספרים האבען מיט זייער אנהויב צו פערדאנקען וועמען? — זיי, זיי! שא, און איהר, קינדערליך, פון וואנען האט איהר זיך גענומען? פון וואנען די אלע היינטיגע חכמים, גרויסע קעפ, בריות־מענשען, ווען די טאטעס, די משכילים פאר זיי, וואלטען זיך נישט געוועזן מיהען?... א־וואס, יענע מיני פארשוינען דענסטמאל, קריכער, אסימילאטארען הייסט עס? קראפיווע זייעט מען נישט, עס וואקסט אליין. אזעלכע וואקסען אומעטום אין אלע צייטען. קארג א שטייגער זענען זיי דא צווישען אייך, היינט טאקי?...

נאך מעהר פערדראס איז אבער, וואס דער גאנצער "הכצעקתה" איז נאר איין איבעריגע זאך. איהר ווילט עפיס טהון פאר'ן פאלק? — אך קינדערליך, מהיכא־תיתי! צו וואס־זשע איז אזוי דאס פייער, דאס זידלען זיך, דאס קלאגען זיך אויף די טאטעס, מאכען זיי אויסצורעהען? שוין נישט זאגען פאר וואס קומט עס זיי אזוינס, פרעג איך נישט מעהר: צו־וואס, טאמיר ווייסט איהר, בעדארף מען עס? אפשר אויף אויסצופינען זיך דער־מיט פאר'ן עולם: נאט זעהט, הייסט עס, ווי מען טהוט תשובה, מען שלאגט זיך "אשמנו" פאר דעם חטא פון השכלה, פאר די זינד פון טאטעס, אלטע משכילים? — אט, חלעבין! לא־די וואס דער עולם וועט נישט גלויבען, ווייל די אויגען זענען איהם נאך נישט ארויסגעקראכען ניש־קשה, צו זעהען די אלטע זינד פון די פאטערס אויך ביי די קינדער, וועט ער נאך, צומאכענדיג מחילה די נאז, זאגען: פע! אויף דעם ארט וואו די בעלי־תשובית שטעהען קענען אמת'ע־צדיקים טאקי נישט איינשטעהן... אלא וואס דען־זשע בעדארף מען עס? — גאר נישט!

גלאט אזוי זיך, פייערען, פילדערען. מה נאמר ומה נדבר, ס'איז טאקי מעשה יוד. צוהיטצט זיך א יוד, דענסטמאל — א, אזאס! רעדט ער און רעדט אפילו אויף "ננתקה" אויך. לעכצט א יוד נאך כבוד, מוז ער דערוויל מאכען צו נישט אנדערע. ביי איהם איז ישר והפוך — אי נערעדט אזוי, אי דאס אייגענע פערקעהרט; אי א הייב ארויף, אי א ווארף אראב; אי מאכען זיך אוים זיין יחוס, זכות אבות, א גאנצען צימעס, אי אויסמאכען עס טאקי צו גלייכער צייט. און ווי עס דאכט זיך פיהלט ער עפיס גאר א בעזונדער מין משונה פערגניגען אין דעם מבטל זיין די זייניגע און דאס זייניגע, אין דעם שנייצען, ווי זאגט מען עפיס, די נאז און שמירען דאס פנים. איינגעהמען תענוג פון מבטל־זיך־זיין, פון קיין פנים־נישט־האבען — אזוינס קענען נאר טאקי מיר יודען!...

עס צושפילען זיך אין מיר, פאר גרוים פערדראס, די געבליטען. עס רייסען זיך מיר אויף דער צונג טיף פונים הארצען ווערטער. ריידען ווילט זיך מיר, ריידען — און דאכט זיך טאקי: אט שטעה איך פאר'ן עולם, זאג און שריי ווי א נביא מיט דעם בעקאנטען טרויערדיגען ניגון: הוי, וועה־געשריגען אויף די, וואס קענען אנדערש ניט גילטען פאר גוט אין פרום, פאר חכמים און פיינע בריות, ביז זיי מאכען נישט א תל פון יענע! הוי, וועה־געשריגען אויף בעיה'שאפט זיך צוהיטצען, צור־פלאקערען; אויף גיכע אנצינדעניש און אויף גיכע אבקיהלעניש!... הוי, וועה־געשריען אויף... נאר באלד טהו איך מיך א האפ — אוי, חלומות! איך איינער אליין געה דא אויף דעם וועגעלע. וואו עולם? נישטא קיין עולם!...

שפעטער איז מיר אויסגעקומען צו הערען דארט אין דעם "וויינגארטען" קולות, געשרייען נאך שטארקערע ווי פריהער, מיינסטענס איבער לאומיות — א שפאגעל־ניי ווארט אזוינס, נישט דעריהערט געווארען אמאל ביי אבות־אבותינו. הייסען זאל עס אייגענטליך הייסען לאומינות כמו אזוי ווי נויות (לאום און גוי האבען דאך איין טייטש: פאלק, נאציע), דאס הייסט, פערשטעהט איהר מיך — ווי זאל איך עס זאגען? — עפיס

אזוי: פאלק איז פאלק און רעליגיע איז רעליגיע. צוויי בעזונדערע זאכען, ווי ביי זיי לְהַבְדִיל, וואס ביי יודען גאר ניט צום פערשטעהען! מַסְבִּיר צו זיין עס אביסיל, מוז איך געברויכען עטליכע ווערטער חֲקִירָה, זאל מיך גאט נישט שטראפען פאר די זינד. שרעקט זיך ניט, רב מענדעלי, טאקי נאר עטליכע ווערטער, נישט מעהר, ווי איך בין א יוד! — דַת ביי אונז יודישע קינדער, פערשטעהט איהר מיך, איז נישט דאס, וואס ביי אנדערע פעלקער אֱמוּנָה, גלויבען, רעליגיע — הימעלזאכען, יענע וועלט; נאר וואס דען? גוטע, קלוגע, געדעכטע געזעטצען, א י ן ל ע ב ע ן אריין נייטיגע זאכען, טאקי דא אויף דער וועלט, און אויך געבאט, וואס זענען געשטעלט אויף היסטארישע, געשעהענע זאכען, פון א זֵכֶר ווענען. אזעלכע געזעטצען, אזעלכע געבאט דריקען אויס און דערהאלטען דאס לעבען אי דעם גייסט פונ'ם פאלק. דַת און לְאוּמִיוּת זענען דעריבער ביי אונז איינס. איטליכער אין דעם גוטען יודישקייט איז, וויסענדיג נישט וויסענדיג, ווילענדיג נישט ווילענדיג א יוד, א לְאוּמִי. "קודשא־בְּרִיך־הוא, יִשְׂרָאֵל און די תּוֹרָה, זענען איינס" — אזוי זאגען אויך אונזערע הייליגע חֲכָמִים. — קורץ ון שארף!

נאר גאנץ פָּשׁוּט, גאר אהן אלע חֲקִירוֹת לאזט זיך נישט פער־גלייכען דאס, וואס ביי יודען, מיט דעם, וואס ביי אנדערע פעלקער. פעלקער ביי זיך אין לאנד, פערזארגט מיט אלע נייטיגע זאכען צום לעבען, זיי מ ע ג ע ן אֱמוּנָה און לְאוּמִיוּת טהיילען און ק ע נ ע ן עס טאקי טהיילען. זיי ה א ב ע ן ו ו א ס צו טהיילען — ס'איז דא אי וואס צו גאט, אי וואס צו לייט; אבער יודען... זיי טארען נישט און קענען נישט טהיילען, דען וואס האבען יודען, מישטיינס געזאגט, אין גָלוּת? אין וואס זאל עס בעשטעהען פאר זיך אליין, גלאט יודישקייט, לְאוּמִיוּת, ווי הייסט מען עס ביי זיי היינט, אז נישט דאס, נישט יענץ, אז קיין זאך נישט ווי ביי לייטען? איהר פערשטעהט דאך וואס מען מיינט... גלאט לְאוּמִיוּת דא אין גָלוּת, אפגעטיילט פאר זיך בעזונדער פונ'ם דַת, איז דאך עפיס א ווארט נישט צו פערשטעהן, פארט וואס זאל עס אזוינס זיין, און וואס זאל עס בעשטעהען?

— לְאוּמִיוּת בעשטעהט — אזוי שרייעט מען היינט ביי אונז אין איין קול — אין לָשׁוֹן, אין היסטאריע!

אווא, אין לשון! פָּקוֹר, פָּקַדְתִּי, הייסט עס. הערט א מַעֲשֶׂה, אין לייענען היסטאריע!... אט דאס גאר? אט דריגען בעשטעהט עס אין גאנצען דאס פייער, דער ברען? א נֵס, הלעבין, וואס די היינטיגע האבען זיך מְחִילָה פארשפעטיגט. זיי זאלען זיך געווען אונטעררייקען מיט זייער חֲקִירָה אין יענע פריהערדיגע צייטען, און מען זאל זיי געווען, חָלִילָה, הערען, וואלט פון יודען שוין לאנג קיין זֵכֶר נישט איבערגעבליבען. פאר דעם לשון און היסטאריע, מישטיינס געזאגט, וואלט קיינער פון יודישע קינדער, זיי אַוַדַאי ניט, זיך נישט מוֹסֵר נֶפֶשׁ געווען. — לָשׁוֹן, מְהֵיכָא תֵּיתֵי! א טהייערע זאך. נאר נוט מיט עפיס דערצו, פערשטעהט איהר מיך, מיט א שטיקעל אייגענעם מ א ' א נ ט ע ק, א שטייגער, וואו דו ביסט א פריץ און ד יי ן ו ו א ר ט דארטען גילט. אז דאס אבער נישט, נישטא פאר איהם, פאר דעם לשון דיינעם הייסט עס, קיין ארט, קיין געברויך — נישט אין מארק, אין קלייט, אין קאנטאר, אין דער פַּרְנָסָה, בַּעֲוֹנוֹתֵינוּ הָרַבִּים, און ערגיץ נישט אין דעם לעבען, וואו־זשע? בלייבט דאך איהם איבער דאס איינציגע נאר די שוהל. איז דאס איינציגע אנשפארעניש זיינס היינגט נעביך אין דעם הוּמָשׁ'ל, תְּנַ"ךְ'ל, אין דעם סִדּוּר'ל, מַחֲזוֹר'ל און אנדערע הייליגע סְפָרִים, אין וועלכע דער יוד ליגט א ן גאנצען מיט די ביינער, מיט לייב און לעבען און זיינע אלע געדאנקען:

אין וועלכע ער געפינט פאר זיך טרייסט, פול זאכען, געבאט אזוינע אויפ־צו־וועקען און קרעפטיגען אין איהם זיינע נאציאנאלע געפיהלען. טאקי אין גאנצען וואס דיין לשון נעביך האט זיך דערהאלטען און האלט זיך נאך אין גלות אצונד, האט עס צו פערדאנקען נאר זיי, אט די אלע זאכען — דאס לעבען, די נְשָׁמָה פונ'ם יודישקייט. גְעהמט מען צו דאס, דאס הייסט, מען רוקט זיי אפ אביסילע אין דער זייט, מען גיט דערפון, ווי אויף א רְפוּאָה, א קאווע־לעפעלע א שָׁעָה — נעהמט מען ביי איהם צו, ביים לָשׁוֹן הייסט עס, די נְשָׁמָה. אהן אזא אנשפארעניש דא, אין גלות, נאר גלאט פאר זיך אליין, וועט עס, פריהער אדער שפעטער אביסיל, זיכער פאלען.

(פארטזעטצונג קומט).

---

## ר' שְׁלֹמֹה און זיינע מַעֲשֶׂה'ליך.

ג) דער פיערפארביגער לאמטערן און פיער קליינע הינטליך.

— אמאל — האט ר' שלמה דערצעהלט — איז א פריץ געוועזען. געהייסען האט ער, ווי מען האט איהם א נאמען געגעבען; זאל זיין — נמרוד:

"וְנִמְרוֹד גִּבּוֹר צַיִד לִפְנֵי ה'", אזוי ווי אין פסוק שטעהט — דער פריץ איז א גרויסער יעגער געוועזען. די תבואה האט ער נאך אויפ'ן פעלד פערקויפט, נאר דעם וואלד נישט גערירט. דארטען האבען וועלף, בערען, פוקסען און האזען געלעבט, און געריבען די האהריגע פעל אן אלטע הונדערטער־יעהריגע בוימער...

איינמאל איז ער, ווי אלע מאל, אויף דער יאגד נעגאנגען.
מיטגענאנגען זענען ירבעם, נבוכדנצר, המן און אנדערע הינד.
איין זרש איז פון די בעסטע הינד אין דער היים געבליבען.
זרש איז דעמאלט א פרישע קימפעטארין געווען; אויף פיער בלינדע הינטליך איז די "יולדת" געזעסען.

און שטיל איז אין פאלאץ געווען; אז נמרוד געהט יאגען, געהען די משרתים און די משרתות אין קרעטשמע אריין טאנצען. און אויף זרש'ס פנים האט זיך אויסגעגאסען א העל־רויטליכע ליעבשאפט צו די הינטישע גבּוֹרים לֶעָתִיד לָבֹא: און אין איה־ע אויגען האבען שוין די שטראהלען פון זייער קינפטיגען לויב געבליצט... די ערשטע "חאפער" וועלען זיי זיין, און "אפארטיערען" וועלען זיי צו דער האנד עהרליך און געשיקט... צווישען די אויסגעשארפטע צייהן וועלען זיי אהן א שאדען צוטראגען פוקסען און העזליך... און זייער בילען וועט איבער־שרעקען לייבען, עלעפאנטען וועלען אנטלויפען... און עסען וועלען זיי מיט נמרוד'ען פון איין טעלער...

און די אויגען איהרע ווערען איהר פאר זיסען נחת שמעלער און שמעלער, ביז די יידענע ברעמען פאלען צו, — און זרש, — עס קומט איהר, דער קימפעטארין — שלאפט איין און פלוצים ענדערט זיך דאס בילד:

פאר א זינד, וואס זי איז געווים נישט בעגאנגען, פאר א בלבול, וואס נבוכדנצר, איהר אייבינער שונא, האט אויף איהר געזאגט, האט מען זי אין וואלד אריין נישט מיטגענומען... צוגעבינדען האט מען זי פאר דער טהיר, ווי א געמיינעם שעפער־הונד... פון וואלד הערען זיך טראמפייטען... פון וואלד לויפט ארויס א האז; ער שטעלט זיך אין עק וואלד, מיט די פאדערשטע פיס אויפ'ן פעלד. ער זעהט זי און אנטלויפט נישט... ער קוקט אויף איהר מיט בזיון, ער פארסקיט, ער לאכט!...

דאס וועט זי נישט דערליידען, א שטריק איבעררייסען איז ביי איהר אזוי פיעל, ווי, להבדיל, ביי שמשון הגבור; זי ציהט זיך איין, און בלאזט זיך אן און גיט א שפרונג — דער שטריק פלאצט און זי לויפט...

דער שטריק האט געפלאצט אין חלום, וואכענדיג, האט זי נור א שויב אויסגעהאקט און איז ארויסגעשפרונגען אין וואלד אריין!

---

די קליינע בלינדע הינטליך האבען דערפיהלט, ערשטענס, קעלט, צווייטענס,— הונגער.

און ביידע קוואלען זענען גרעסער געווארען, אז די זון איז אונ־טערגעגאנגען, און די מיט מאיאליק אויסגעלעגטע קיך־דיהלען האבען זיך שטארק אבגעקיהלט... און פון וואלד הערט זיך אלי'ן אין איינעם דער הארן... פאר שרעק, פאר הונגער און קעלט זענען אלע פיער הינט־ליך פון קויש ארויסגעשפרונגען, צולאפען זיך אומגעלומפערט אויף די אויסגעבויגענע פיס, און בלינדערהייט זיך שוין נישט אויפגעזוכט... יעדערער האט זיך אין זיין ווינקעל איינגעהויקערט...

און פון אלע פיער עקען האבען אלע פיער געפישצעט פאר שרעק, פאר הונגער, פאר קעלט.

ווער וועט אויף זיי רחמנות האבען און שטילען לעערען הויז?

נמרוד איז אויף דער יאגד, די דינערשאפט — אין קרעצמע, די מוטער האט אן זיי פערגעסען...

---

דאך איז די וועלט אזוי איינגעריכטעט, אז אפילו בלינדע הינט־ליך פישצען נישט אומזיסט...

ווייט ווייט אין גרין־געקליידטען עס־צימער, אויף א שניי־ווייס טישטוך, צווישען קריסטאלען עס־און טרינק געשיר, אין א גאלדענעם לייכטער שטעהען ליכט, גרויסע סטעארין ליכט.

זיי הערען און האבען רחמנות...

פאר גרויס צער בעלי־חיים, האט זיך איינער אזוי דערהיצט, אז ער האט זיך פון זיך אליין, אהן א פונק פרעמד פייער, אנגעצונדען און צופלאקערט!

און דאס צופלאמטע ליכט זאגט:

— ברידער, איהר ווארט דא אויף נמרוד'ן און לייכט איהם ביי דער מאל־צייט, און מאכט פרעהליך איהם דאס הארץ; איך געה צו די ארימע הינטליך.

— וואס רעדסט דו, אזוי נידריג אראב ווילסט דו?

— מיין מזל איז שוין אזוי. און זיי זענען אזוי ארים, אזוי ארים; פון דער אייגענער מוטער פערלאזט...

— מיט וואס וועסט דו זיי דיענען? וועסט זיי אנזייגען?

— איך האב נישט איהרע בריסטען,— ענפערט ער טרויעריג.

— וועסט זיי אנווארימען?

— איך האב נישט איהר האהריגע פעל.

— וואס דען?

— איך וועל זיי לייכטען...

— זיי זענען בלינד!

— ביי מיר וועלען זיי געשווינדער די אויגען עפענען!

— וואס טויג זיי ליכט? ווארימקייט דארפען זיי, מילך...

— זאל יעדערע טהון, וואס ער קען... איך האב ליכט, וועל איך געבען... זיי וועלען די אויגען עפענען און זוכען זיך די רעשט אליין...

— געה! — לאכען יענע, נישט אנגעצונדענע, צוריק אבגעקיהלטע ליכט... נאר צי וועסט דו טהון, וואס דו ווילסט?

— געוויס...

— זעהר אונגעוויס... זיי וועלען, נישט דיין ליכט מיט די בלינדע אויגען, נאר דיין חלב מיט די אפענע נעז דערפיהלען, אויפעסען וועלען זיי דיך!

דאס בארמהערציג דערפלאמטע ליכט דערשרעקט זיך.

נאר — א ווארט — א מאן! דער גורל איז געפאלען!

ער גארטעלט זיך אונטער, רייסט זיך אויס פון ענגען לייכטער, עטהעמט פרייער אב. רוקט זיך פון טיש אראב, פון טיש אויפ'ן דיוואן איבער די דיהלען. און רוקט זיך ווייטער און ווייטער. און הערט אלי'ן שארפער און שארפער דאס רחמנות־בעטענדיגע־קליין־הינטישע געוויין, און געהט אלי'ן שנעלער און שנעלער.

נאר אויפ'ן וועג האט ער א גלעזערן הייזיל געזעהן... א לאמטערן מיט פיער פערשיעדענפארבינע שויבען! דאס הארץ האט אין איהם א ציטער געטהון פאר פרייד! דאם וועט זיין זיין פאנצער, זיין רעטונג; און פאר די הינטליך מיט די שוואכע אויגען וועט בעסער זיין... פארבינע, איידעלע ליכט, נישט ווייסע מיט אמאל; מיט אמאל ווייסע קען שאדטען...

און ער געהט שוין אין לאמטערן און שלעפט זיך שוין לאנגזאמער..

---

און אז זרש איז, פערסאפעט און מיט שוים בענאסען, צוריק ארויס פון וואלד, האט זי אויף דער שוועל פון פאלאין איינעם פון איהרע שפעטערע גבורים, געזעהען ליגען צוביסען און צובלוטיגט...

זי לויפט צו.

— וואס איז מיט דיר? גאט! וואס איז געשעהען, וואו זענען דיינע ברידער?

— איך האב קיין ברידער נישט — ענפערט דער האלב־טויטער — ליגנער זענען זיי, פאלש געשווארען האבען זיי! איינער שווערט, אז ליכט איז געל, דער צווייטער, אז ליכט איז גרין, דער דריטער — רויט, און איך האב אליין געזעהען, אז ליכט איז בלאה, איינפאך בלאה! ווי ליגען דארט, די ליגנער, די ליכט־לייקנער! אויך צוביסען...

---

און געענדיגט האט ר' שלמה:

— "ויהי אור"! האט גאט געזאגט, פארבינע לאמטערן האבען נארישע מענשען געמאכט.

---

דארף איך אייך זאגען, אז מיט דעם מעשה'לע האט זיך געענדיגט א וכוח, ווי אזוי מען דארף רעדען צום פאלק, שרייבען פאר'ן פאלק?

ל. פרי'ן.

---

## בעריכטיגונג.

אין "יוד" איז געווען דערצעהלט, גלייך ווי אין פיעל אנדערע צייטונגען, אז עמיל זאלא איז געווען ניט לאנג אין ארץ ישראל און האט בעזוכט די יודישע קאלאניעס. די דאזיגע ידיעה ווערט איצט אב־געלייקענט.

אלס פאלש שטעלט זיך אויך ארויס די ידיעה, וואס איז געווען ביי אונז, אז אין ווארשוי ווערט געעפענט א יודישע פערבעל־שולע.

Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Redacteur M. Berkowicz. Herausgeber u. Buchdrucker Josef Fischer, Krakau.

# „דער יוד" צווייטע אויסגאבע

### וועט ברענגען יעדע וואך דעם לעזער:

א) קורצע ארטיקלען איבער פערשיעדענע לעבענספראגען וואס אינטערעסירען יעדען יודען.

ב) פאליטישע נייעס.

ג) ארטיקלען איבער היגיעניע: געזונדהייט, ריינליכקייט און נייעס פון דער מעדעצין.

ד) טעכנישע נייעס: נייטהיגע ידיעות פיר בעלי מלאכות.

ה) וויסענשאפטליכע ארטיקלען: פאפולערע ערקלערונגען איבער פערשיעדענע פראגען אין דער נאטור.

ו) כראניק: פערשיעדענע נייעס אין לענדער און שטעדט.

ז) ערצעהלונגען.

ח) קארעספאנדענציעס: בריעף פון נאהנטען און פון וויטען.

ט) פעלעטאנען.

י) פראגען און ענטפערס: די רעדאקציע און די ארמיניסטראציע שטעהען בערייט צו געבען דעם לעזער קורצע ענטפערס איבער פערשיעדענעס, וועלבע קענען איהם נוטצען ברענגען אלס יודען און אלס מענשען.

☛ דער אבאנענט פון דעם „יוד" צווייטע ביליגערע אויסגאבע, האט אויך דאס רעכט אזוי ווי דער אבאנענט פון דער ערשטער גרויסער אויסגאבע,

## פיר 1 רובל (מיט פארטא 1.50 רובל)

צו אבאנירען דעם מאנאטליכען זשורנאל **„די יודישע פאמיליע"**

וועלכער קאסט 4 רובל א יאהר

## און ער בעקומט אלזא פיר 3.50 רובל (מיט פארטא)

☛ **יעדע וואך א נומער „דער יוד" צווייטע אויסגאבע**

☛ **יעדען חדש א ביכיל פון 4 באגעז „די יודישע פאמיליע".**

## ! דער פרייז פון דעם „יוד" צווייטע ביליגע אויסגאבע אויף א האלב יאהר פון 1 יולי אן ביז ענדע יאהר איז נישט מעהר ווי 1 רובעל. (מיט דעם זשורנאל „די יודישע פאמיליע" פון אנפאנגס יאהר אן 2.50 ר' מיט פארטא). !

מיר מאכען דעם פרייז פון דעם „יוד" צווייטע אויסגאבע, אלס פראבע בעזאנדערס ביליג, אום צו זעהען אויב עס איז ווירקליך דא א קלאסע, וועלכע בענייטהיגט זיך אין אזא צייטונג, און פון דער ערפאהרונג וואס מיר וועלען געווינען הענגט אויך אב די וויטערע שריט וואס מיר וועלען מאכען.

די אדרעסע: **Administration „Der Jude", Krakau, Gertruda 16.**

פיר רוסלאנד: Издательство „Ахіасафъ", Варшава. — Verlag „Achiasaf", Warschau.




ערשיינט יעדע וואך.

דורך דעם „יוד" קענען די לעזער זיך בעקענען מיט די ווערק און שאפונג פון אונזערע בעסטע יודישע פאלקסשרייבער אזוי אויך מיט די בעסטע יודישע שריפטשטעלער וועלכע שרייבען אין העברעאיש און אין אלע אייראפעאישע שפראכען, ווייל אין „יוד" שרייבען אלע אויף א שפראך וואס דאס יודישע פאלק רעדט און פערשטעהט.

ביזהער זענען געווען אין דעם „יוד" ארטיקלען פון די דאזיגע שרייבער:

אבראמאוויטש ש. י. (מענדעלי מוכר ספרים), אייזענשטאדט מ. א. דר., אמת, אש ש., ביאליק ח. נ., בעל מחשבות, בערנפעלד ש. דר., בן־עמי, בריינין ר., דינעזאהן י., הורוויץ ה. ד., האדרעי אבנד, וויסבערג י. י., זיננער א., יפה ל., לוריא יוסף דר., לילענבלום מ. ל., לעווינסקי א. ל., לעווין ש. דר., מאנדעלשטאם מ. פראפ׳, נאמבערג ה. ד., ספעקטאר מ., פינסקי ד., פרוג ש., פריעדבערג א. ש., פרישמאן דוד, פרץ י. ל., רייזען א., ציטראן ש. ל., קלויזנער יוסף, ראבניצקי י. ח., ראזענפעלד מארים, ראבינאוויטש א. ז., שאך פאביוס, שולמאן א., שטיינבערג י., שלום עליכם און נאך פיעל אנדערע.

די ביזאהעריגע פראגראם פון „יוד" איז אין נייעיאהר פערגרעסערט און בעשטעהט פון די פאלגענדע אבטהיילונגען:

I. לייטארטיקלען. — II. פובליציסטיק. — III. פאליטישע איבערזיכט. — IV. די יודישע וועלט. — V. אלגעמיינע וועלט־נייעס. — VI. צייטונגס־שטימען. — VII. יודישע שטעדט און שטעדטליך. — VIII. צווישען אונז גערעדט. — IX. צייטונגען פון דער וואך. — X. מען שרייבט אונז. — XI. בעלעטריסטיק. — XII. שירים. — XIII. היסטארישעס. — XIV. ארץ ישראל. — XV. ביאגראפיעס. — XVI. פאפולערע וויסענשאפטליכע ארטיקלען. — XVII. קריטיק. — XVIII. פעלעטאנען. — XIX. די גרויסע וועלט. — XX. נייעס אויס דער וויסענשאפט.

## אבאנאמענט פרייז פון דעם „יוד"

יעהרליך — 5 רובעל, האלביעהרליך — 3 רובעל, פיערטעליעהרליך — 1 רובעל 50 קאפ׳, פאר 1 מאנאט 50 קאפ׳. יעהרליכע אבאנענטען קענען אויך אויסצאהלען די 5 רובעל אין 3 ראטען: ביים אבאנירען: 2 רוב׳, דעם 1־טען אפריל: 2 רוב׳ און דעם 1־טען אויגוסט די לעצטע ראטע — 1 רובעל.

---

# „די יודישע פאמיליע"

### א מאנאטליכער יודישער זשורנאל פיר ליטעראטור און וויסענשאפט.

דאס וואס איז ניט מעגליך צו געפינען אין א צייטונג, ווייל איבער די טעגליכע צייטונגס נייעס און לעבענס פראגען קען מען ניט דרוקען קיין גרויסע ווערק, געפינען די לעזער אין זשורנאל „די יודישע פאמיליע" — גאנצע ווערק אריגינעלע און איבערזעטצונגען פון די בעסטע יודישע און די בעוואוסטע אייראפעאישע שרייבער.

דער זשורנאל „די יודישע פאמיליע" ענטהאלט פאלגענדע אבטהיילונגען:

א) גרויסע און קליינע ראמאנען און ערצעהלונגען פון יודישען לעבען אין די נייע און אין די אלטע צייטען. — ב) היסטארישע און וויסענשאפטליכע ארטיקלען. — ג) רייזע בעשרייבונגען אין די ווייטע מדינות, אויך ערצעהלונגען פון דער נאטור געשיכטע. — ד) לעבענס־בעשרייבונגען פון בעריהמטע מענער און פרויען. — ה) בעשרייבונגען וועגען אלע לענדער וואו יודען וואהנען, איבערהויפט ארץ ישראל. — ו) קריטיק איבער נייע ביכער און ביבליאגראפיע. — ז) ניטצליכע ידיעות וואס יעדער מענש דארף וויסען אין זיין הויז, זיין פאמיליע. — ח) נייע ערפינדונגען, אנעקדאטען, גלייכע ווערטליך, פאלקסליעדער, שפריכווערטער און שכל׳דיגע רעד פון גרויסע לייט.

אויסער דעם געפינט זיך אין מאנאטליכען זשורנאל א בעשטענדיגע אבטהיילונג מיט דעם טיטעל: ראש חודש וואו עס ווערט גערעדט וועגען טעגליכען און וואכענדיגען יודישען לעבען אין חודש.

דער זשורנאל ערשיינט פינקטליך יעדען מאנאט א ביכיל.

אבאנאמענט פרייז פון דעם מאנאטליכען זשורנאל „די יודישע פאמיליע": יעהרליך 4 ר׳; האלביעהרליך 2 ר׳; פיערטעליעהרליך 1 ר׳. יעדעס מאנאטליכע העפט 40 ק.

ווילענדיג אז דער נייער זשורנאל זאל צווישען די יודישע פאמיליעס פערברייטערט ווערען האבען מיר בעשלאסען אז פאר די אבאנענטען פון „יוד" איז דער פרייז פון דעם מאנאטליכען זשורנאל:

„די יודישע פאמיליע" נור 1 רובל (פארטא 50 ק.).

די רוסישע אבאנענטען וואס שרייבען אויס דעם „יוד" אויף אויסצאהלען אין ראטען קענען אויך דעם זשורנאל „די יודישע פאמיליע" אויסשרייבען אויף אויסצאהלען אין די ערשטע צוויי ראטען פון „יוד": ביים אבאנירען 50 קאפ. און 25 קאפ. פארטא און דעם 1־טען אפריל 50 קאפ. און 25 קאפ. פארטא.

אדרעסע: Administration „Die Jüdische Familie", Krakau, Gertrudagasse 16

פיר רוסלאנד: Товарищество »Ахіасафъ«, Варшава.

---

Verlag „Achiasaf" — Druck von Josef Fischer in Krakau.

## נ ד ב ו ת.

(דורך דער אדמיניסטראַציאָן „דער יוד“ קראקוי).

### פיר דעם יודישען נאַציאָנאַל־פאָנד:

| | ר׳ | ק׳ |
|---|---|---|
| מהאגודה „בנות ציון“ בקאַרנעשטי מה שנאסף ע״י מ׳ רבקה צאהן ראזה כהן והינדא כהן מאת המורה קויפמאן, שטיינבערג, הערשענזאהן, כהן, טראכטענבערג, כהן, צאהן, וואסערמאן, שמאי כהן, יעקב כהן, פערעלמאן וכו׳ וכו׳ | 5 | 45 |
| בשעת הדרשה של המטיף א׳ העלמאן בזאחאראווקי נאסף ע״י ה״ה מלמד וקאַסאפ | 4 | — |
| על משתה אירושין של ה׳ יעקב יוסף קליינמאן | 1 | — |
| לזכרון ארושי ה״מ הערמאניקי עם העלמה רחל שעפליר נדבו ה׳ מ. שעפליר ופ. הערמאניקי | 3 | — |
| ע״ ה״ר ברוידא מאת ה״ה זכם בשאוולי וקאבאצקין | 2 | — |
| לאות ברכה למר יחיאל ווינאדסקי לחתונתו נדבו ה׳ ראבינזאהן ואשתו וה׳ נאטאנזאהן | — | 60 |
| חברי האגודה „אור ציון“ מברכים בברכת מז״ט את המאורשים צ׳ ראבינאוויץ ובילה שטייפמאן ונדבו | 1 | 45 |
| חברי האגודה „פועלי ציון“ במינסק—זכרון לנשמת מ׳ אסתר בערנער למלאת שנה אחת למותה | 3 | 65 |
| | 21 | 15 |

בס״ה 350,71 ר׳; 25,45 קר׳.

השמטה: ב„דער יוד“ נו׳ 22 ברשימת המנדבים ע״י ה׳ גאדים נשמט שם המנדב 2 רוב׳ אברהם גענדילמאן.

### פיר באברויסקער נשרפים:

| | ר׳ | ק׳ |
|---|---|---|
| ה׳ יעקב קאמינסקי ובניו שמחה ובער קאמינסקי | 3 | — |
| ה״ה גר. ואל. פעלדמאן מכפר סאראטשקינא | 10 | — |
| | 13 | — |

בס״ה 38,45 ר׳.

## בריעפקאסטען דער אדמיניסטראציאָן.

ה׳ נ. ק—דימיטראיוקא: פיר איין ¼ יאָהר קומט 1,50 ר׳; ביטע נאך 25 ק׳.

ה׳ י. מ. האמעל: דאס „פסח־בלאַט“ האט זיך נישט איבערגעדרוקט און דאס „שבועות בלאַט“ האט זיך נאָר ניט אנגעהויבען צו דרוקען.

ה׳ ד. ק. — סאקאלאוו: דיזעלבע ענטפער: קיין „שבועות בלאַט“ וועט ניט זיין.

נו׳ 4826—בערדיטשעוו: די אדרעסע איז: אינזשענער מ. אוסישקין יעקאטערינאסלאוו.

ה׳ נ. כ.—קאליש: ביטע פיר דער נו׳ 19 — 15 ק״פ; דער ראמאַן וועלכען איהר פרעגט איז נאך פארלייפיג אלס בעזונדערעס בוך נישט ארויס.

ה׳ ב. ד. צ.—דובאסארי: דער נומר 7 פעהלט.

ה׳ נ. ר.—הרובעשאוו: דער אבאָנענט נו׳ 2856 האט מעהר נישט נעשיקט ווי 2,75 ר׳ אלס ערשטע ראטע „יוד“ און „פאַמיליע“; ער האט אלזאָ פאר דער צווייטער ראטע צושיקען.

ה׳ י. ב. נ.—קערטש: איהר האָט געשיקט איבריגע 25 ק׳; (צוזאמען 6,75 ר׳ אנשטאט 6,50 ר׳.)

נו׳ 2847—פאסטאוו: „א זועלט מיט וועלטליך“ קאָסט 15 ק״פ.

ה׳ א. ב״ר י. ש.—קרייצבורג: עס איז דא צו בעקומען, אויסער די נו׳ 6, 7, יעדער נומר 15 ק״פ.

ה, א״מ ק.—אדעסא: דאס איז געשיקט געווארען איידער עס האט פערפעהלט.

נו׳ 2188—ווערהנעדנעפראווסק: לײדער האבען מיר די געווינשטע העפטען נישט צו פערקויפען.

ה׳ ב״נ ס־סק׳—גייסין: די דריטע ראטע איז שוין באלד, נאך אין א מאנאט, און עס לאָזט זיך דערום נישט איבער־טראַגען.

ה״ה ר. און ק. — שדה־לבן: די קאלענדארען זענען אין גאנצען פערגריפען.

ה׳ נש״ק: אונטער די אויגען לאזט זיך ניט בעשטימען.

ה׳ מ. מ. פאלאנאייע: אז ביי אייך האט זיך געגרינדעט איין חברה „אחיעזר“ פערצייכנען מיר דא. און אייער פערלאנג וועגען די 30 ק״פ וואָלטען מיר מקיים זיין, נאר דער צווייטע באנד קאָסט 50 ק׳. ביטע אלזאָ נאך 20 ק׳.

ה׳ מ. פ.—לאקאטשי: פיר „יוד“ 3־טע ראטע 1 ר׳; פיר „פאַמיליע“ 75 ק׳ און פיר וועלטגעשיכטע 50 ק׳. צוזאמען נאך 2,25 ר׳.

ה׳ א. פ. דאלהינאווא: אזא ארט „פראָגראמע“ האבען מיר ניט.

ה״ה מ. ר. — ליפקאני, ב. נ. — אקערמאן און אנדערע: מעהר ווי איין מודעה איז פון דאס „שבועות־בלאַט“ ניט ארויס; שרייבט וואס צו טהון מיט די 30 ק״פ.